

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Disnah : sefer zikaron li-ḳehilah / ḥevre ha-ma'arekhet, Bailin, Dov Bernshtain [z. o. Yehudah Zamir] ve-Shalom Tsirlin ; [ha-'orkhim veha-metargemim, Dov Bernshtain ṿe-Shalom Tsirlin]. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Aviv : Irgun yotsʻe Disnah be-Yiśraʻel uve-Ar. ha-B., 729 [1969] |
| DESCRIPT | 227 p. : ill. ; 29 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Belarus -- Disna.<br>Disna (Belarus) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Belarus -- Disna. |
| ADD'L NAME | Bernstein, Dov.<br>Beilin, Aharon. |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# דיסנע

געפלאנט לויטן זכרון





די דווינע

דער מארק

די גרויסע גאס

קאסאטאווסקע (סווינסקע) גאס

די דיסענקע

דער אינזל

פאלאצקע גאס

געטא

דאראשקאוויטש

27 דער פוילישער מאהילניק

דער רוסישער מאהילניק

באלאגאן

די פוילישע גימנאזיע

קאזארמע הויף

26

דער אלטער בית עולם

28

דער „וויהאָן"

דער נייער בית-עולם

## אינהאלט:

1. געריכט-הויז
2. די „וואָינסקע פריסוטסטוויע"
3. יידישע פאלקס-שול
4. רוסישער קלויסטער
5. די פאָסט
6. די גימנאַזיע
7. ציוניסטישע יוגנט אָרגאַניזאציעס
8. פוילישער קלויסטער
9. קצבישער מנין
10. שטאָט-וואָג
11. די יאַטקעס
12. דער מאַגיסטראַט
13. שטאָט-זאַל (טשייניע)
14. פסח'ס מנין
15. געצל'ס מנין
16. באָד מנין
17. פוילישער קאָאָפעראַטיוו
18. די שטאָטישע באָד
19. פאָלאָצקער מנין
20. גלובאקער מנין
21. בימבאַד'ס מיל
22. דער ברונען (ביים בריק)
23. יענקל דעם שמש'ס מנין
24. די „קאַזנאַטשייסטווע"
25. דער שפּיטאָל
26. דער נייער-פלאַן מנין
27. שעכט-הויז
28. דערווינט-מיל

# ד י ס נ ה

## ספר זיכרון לקהילה

**חברי המערכת:**
ד״ר אהרון ביילין, דב ברנשטיין ושלום צירלין



**בהוצאת**
ארגון יוצאי דיסנה בישראל ובארה״ב
**תל־אביב** **תשכ״ט**

## דבר המערכת

ככל ספר שנכתב בידי רבים, כך גם ספרנו זה, צמח ועלה מתוך חומר רב ומגוון שנאסף בעמל ובמשך תקופה ארוכה. היו שכתבו דבריהם במיוחד לספר הזכרון והיו שהעבירו רשימות שרשמו לעצמם ימים רבים לפני־כן. היו קטעי עתונות והיו מכתבים, הדברים נמסרו בשפות שונות, בעברית ובאידיש, באנגלית, פולנית וב־רוסית.

אך טבעי היה הדבר שרשימות רבות נמצאו חוזרות זו על דברי זו. גם לא כלן נמצאו תואמות במלואן את המסגרת של ספר זכרון. אנו מקוים כי הכותבים הנכבדים לא יבואו עלינו בטרוניה אם ימצאו כי דבריהם קוצרו במדה זו או אח־רת.

גבוש ראשון של החומר נעשה בידי מר דב ברנשטיין, שכתב וערך את החלק העברי של הספר. הוא ברר ותרגם, מיין ורכז מתוך הרשי־מות הרבות את החלקים שנצטרפו יחדיו והש־לימו זה את זה.

עמל רב הושקע בידי מר ש. צירלין, שערך את חלקו של הספר הכתוב אידיש. לשם כך תרגם את כל שנכתב פולנית ורוסית וכן הרבה מאד מן העברית.

חברי המערכת מודים בזה לכל שתרמו מפרי עטם לספר, העבירו תצלומים וטרחו במדה זו או אחרת בספר בכל השנים הרבות בהן הוא התהווה ונוצר.

## פון דער רעדאקציע

ווי יעדער בוך, וועלכער ווערט קאלעקטיוו געשריבן, אזוי איז אויך דער בוך ענטשטאנען פון פיל פארשיידנפארביקע מאטעריאל, וועל־כער האט זיך צונויפגעזאמלט מיט גרויס מיה און אין משך פון פיל יארן.

אייניקע חברים האבן געשריבן ספעציעל פארן בוך, אנדערע האבן זייערע רשימות גע־שריבן מיט פיל יארן צוריק, אלס מעמוארן, ארטיקלען און דאס אלץ אין עברית, יידיש, פויליש, ענגליש און רוסיש.

נאטירליך איז, אז דער מאטעריאל איז ניט געווען ארגאניזירט און רעדאגירט צום דרוקן א זכרון בוך — חזרות אויף ענליכע פאקטן, ניט סטיליזירט א. א. וו.

מיר האפן, אז די געערטע שרייבער וועלן אונז מוחל זיין, אויב זיי וועלן געפינען זייערע ווערטער מער אדער ווייניקער פארקירצט.

די ערשטע ארדנונג אין מאטעריאל האט אריינגעבראכט ה׳ דב בערנשטיין, וועלכער האט געשריבן און רעדאגירט דעם העבראישן חלק פון בוך. ער האט סארטירט און איבער־זעצט און פון פיל רשימות צונויפגעשטעלט צוזאמען חלקים, וועלכע האבן דערגענצט איי־נע די אנדערע און געשאפן א בוך.

פיל מיה האט אין דעם בוך אריינגעלייגט אונזער חבר שלום צירלין, וועלכער האט צו זיין פליכט אלס פאראנטווארטלעכער רעדאק־טאר, אויך רעדאגירט דעם יידישן טייל פון בוך און איבערזעצט אויף יידיש ארטיקלען פון רו־סיש, פויליש און עברית.

דער רעדאקטארן קאלעגיום דריקט אויס זיין דאנק די אלע, וועלכע האבן געשפענדעט פארן בוך פון זייערע שריפטן, באזארגט אים מיט בילדער פון אונזער אלטער היים און בא־מיהט זיך אויף פארשיידענע אופנים, אין משך פון דער צייט וואס דער בוך האט זיך געשאפן, צו זיין ערשיינונג.

## מפעולות הועד

האסון הגדול שפקד במי השואה את קהילת דיסנה, הביא חלק מן הפליטים הניצולים ארצה. הוא גם שקירב את יוצאי העיירה הוותיקים והחדשים ולו בשביל מטרה אחת — העלאת זכרם של יקירינו.

ב־1959 נבחר וועד האגודה, שנרשמה כחוק בשם „איגוד יוצאי דיסנה והסביבה". עם חברי הוועד נמנו: מר שלמה מינץ (יו"ר), ד"ר אהרןביילין (סגן יו"ר), צבי מאירי (מזכיר), יהודה זמיר (גזבר), רפאל רשף, משה סושקוביץ, נינה סמושקין, פישל אברמזון, דוד בלכמן וש. צירלין. מאוחר יותר צורף לוועד הח' גרשון זיידל ז"ל.

גוף נבחר זה הפך להיות כתובת נאמנה ליוצאי דיסנה, בעיקר לעולים החדשים. ואמנם הוועד נענה לרבים מחברי האיגוד בעצה, בהמלצה, ובהלוואה ועזר לעולי דיסנה החדשים בצעדיהם הראשונים להשתרש בארץ.

הוועד הפך כתובת גם לאורחים שונים, בני דיסנה, שהגיעו מחוץ לארץ. באמצעותו נקשרו קשרים בין חברי האיגוד, קשרים שהזמן והמרחק השכיחו מליבם. אורגנו מסיבות בהזדמנויות שונות ובכל שנה, למחרת ראש־חודש תמוז, יום הזכרון לקרבנות השואה של עירנו, מתכנסים רוב יוצאי דיסנה בארץ, באחד האולמות בתל־אביב, לאזכרה, מעלים זכרונות, מוזילים דמעות, ואומרים „קדיש". ימי אזכרה אלה הופכים הזדמנות לפגישת ידידים ולהחלפת ידיעות על המתרחש בקרב הדיסנאים בארץ ובחוץ־לארץ.

הוועד קיים שתי אזכרות יוצאות דופן, כי אלה התקיימו בירושלים: אחת, כאשר הוטמן הקלף, שעליו כתובה רשימת קדושי גטו דיסנה, במרתף השואה על הר־ציון, ואחת לאחר איחוד ירושלים, ליד הכותל המערבי בתשכ"ז.

ברם, גולת הכותרת שלהתגשמותה ציפו חברי האגודה היתה הרעיון להוצאת ספר זכרון לדיסנה וליהודיה.

חברים ספורים נחלצו לפעולה זו. התחילו לצרף פרוטה לפרוטה, פנו לאגודת יוצאי דיסנה בארה"ב, שנענו בעין יפה ותרמו את חלקם. אחרי עבודת נמלים של שלוש שנים ומאמצים בל ישוערו זכינו לכתוב דברינו אלה בספר הנכסף. מי יתן שהספר ימלא את תפקידו שלשמו חובר.

חלילה לנו לראות בספר תחליף לפעילות הוועד. כל עוד אנו חיים, עלינו לזכור את יקירינו ולהעלות את זכרם שנה שנה. אל לנו לשכחם.

## די טעטיקייט פון דער פארוואלטונג

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האט די נאצישע בעסטיע פארוואַנדלט די באַזעצטע לענדער אין א גיגאנטישן בית הקברות פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום. ס'זיינען אָפּגעווישט געוואָרן אַלטע, בליענדיקע יידישע קהלות, וועלכע זיינען געווען דער מקור פון אונזער גייסט און חכמה. פאַרשניטן און פאריתומ'ט איז געבליבן דאס יידישע פאָלק, וואס האט פאַרלאָרן זיין טייערסטן דריטל, און די קליינע רעשטלעך פון דער שרעקלעכער קאטאסטראָפע, וועלכע ס'האבן זיך געראטעוועט על־פי־נס, זיינען צוזייט און צושפרייט אין אלע לענדער פון דער וועלט. זיי האבן געבראכט מיט זיך די ערינערונגען פון די אוממענשליכעליידן אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן, בונקערס און וועלדער און אויך די גרויסע ליבע און בענקשאפט נאך דער אַלטער יידישער היים און אירע מענטשן, וועלכע זיינען אזוי אונברחמנות'דיק פאַרניכטעט געוואָרן דורך די היטלערישע רוצחים. אט די ליבע און פאַרבונדנהייט מיט דער אלטער היים האט צוזאַמענגעבראכט די שארית הפליטה אין לאַנדסמאַנשאפטן מיט א בשותפות'דיקער פארגאנגענהייט און געמיינזאמער שטרעבונג צו געגנזייטיקער הילף.

אויך די דיסנער יידישע קהלה איז אָפּגעווישט

געוואָרן פון דער ערד. און די רעשטלעך, נאָך דעם, ווי זיי זיינען דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום, האָבן זיך פאַרזאַמלט אין זייער מערהייט אין ישראל און אַ קלענערע טייל אין אַמעריקע. זיי זיינען אָרגאַ־ניזירט אין צוויי לאַנדסמאַנשאַפטן: אין ישראל אַלס „ארגון יוצאי דיסנה והסביבה" און אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַלס „יונייטעד דיסנער בענעוואָלענט אַסאָ־סיעישן". ביז 1959 האָט די דיסנער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט אָרגאַניזירן אַן אזכרה איין מאָל אין יאָר, דעם יאָהרצייט נאָכן אומ־קום פון אונזערע הייליקע קדושים אין דיסנער גע־טאָ, — א טאָג נאָך ראש חודש תמוז — מען פלעגט זיך צונויפקלייבן, אויסהערן דעם קדיש און אל מלא רחמים, אויסוויינען דאָס ביטערע האַרץ און פאַנאַנ־דערגיין זיך. קיין קאָנסטרוקטיווע אַרבעט, ווי הילף פאַר די נייע עולים, הלוואות, הילף מיט אַן עצה, איינ־אָרדענען אויף אַרבעט, פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דיסנע פאַר די קומעדיקע דורות — דאָס אַלץ איז ביז 1959 ניט געטאָן געוואָרן. די דיסנער לאַנדסמאַנשאַפט איז אַפילו ניט געווען רעגיסטרירט אין דעם בוך פון די וווילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס ביי דער ישראל־דיקער אַדמיניסטראַציע. ס'איז אויך ניט אויסגעאַר־בעט געוואָרן קיין יורידישער סטאַטוט פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט.

ערשט אין 1959, אַז ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין דעם צוזאַמענשטעל פון: שלמה מינץ — פאַרזיצער, ד"ר אהרן ביילין, וויצע־פאַרזיצער, צבי מאירי (געוועזענער בערל מילנער) — סעקרעטאַר, יהודה זמיר (סמירין) — קאַסיר, רפאל רשף (ריסיעוויטש), משה סושקאָוויטש, נינה סמוש־קין, אבראַמזאָן פישל, שלום צירלין און דוד בליאַכמאַן — מיטגלידער פון פאַרוואַלטונג (שפּעטער איז נאָך צוגעקומען גרשון זיידל ז"ל). האָט מען אָנגעבונדן אַן ענגערן קאָנטאַקט מיט אַלע לאַנדסלייט אין לאַנד און מען איז צוגעטראָטן צו אַ ברייטערער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט: מ'האָט זיך פאַרבונדן מיט דער „יונייטעד דיסנער" אין אַמע־ריקע, מען האָט געהאָלפן איינאָרדענען דיסנער, וועל־כע זיינען אין יענע יאָרן געקומען אין לאַנד פון הינ־טער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, מע האָט איינגעאָרדנט פּורים־און חנוכה־אָוונטן, אויף וועלכע אונזערע לאַנדס־לייט פלעגן אויסטוישן ערינערונגען פון דער אַלטער היים, און אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן די פאַרבונדענ־הייט פון די חברים מיט זייער פאַרוואַלטונג. די פאַר־וואַלטונג איז געוואָרן אַן אַדרעס פאַר יעדער דיסנער, וועלכער ס'האָט זיך גענויטיקט אין הילף אָדער אַן עצה. אין יעדער שמחה ביי א דיסנער פלעגט זיך שטענדיק באַטייליקן א פאַרטרעטער פון דער פאַר־וואַלטונג מיט אַ שיינער מתנה.

אַלס איר הויפּט־אויפגאַבע האָט שטענדיק די פאַר־וואַלטונג באַטראַכט דאָס פאַראייביקן דעם אָנדענקען פון דער יידישער דיסנע. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן א גענויען דין וחשבון, אַז מיר זיינען דער לעצטער דור, וואָס אויף אים ליגט דער הייליקער פליכט אָוועקצושטעלן א לעבעדיקע מצבה נאָך אונזער שטאָט, ניט פון שטיין אָדער מעטאַל, נאָר אין פאָרם פון א לעבעדיק וואָרט. צו אונזער מזל האָבן זיך געפונען אין דער פאַרוואַלטונג פעאיקע און באַגאַבטע חברים, וועלכע האָבן ניט געקאַרגט זייערע כוחות און צייט, כדי צו פאַרווירקלעכן די הייליקע צוואה פון געדענקען.

עס זיינען מיט דער צייט אַרויס פון דער אַקטי־ווער אַרבעט כמעט אַלע חברים. ח' מינץ האָט רעזיג־נירט פון זיין אַמט אַלס פאַרזיצער און אַנשטאָט אים איז אויסגעקליבן געוואָרן ד"ר אהרן ביילין. מיר זיי־נען געבליבן א קליין הייפעלע אידעאַליסטן — 3 אין גאַנצן: ד"ר אהרן ביילין, שלום צירלין און יהודה זמיר, — וואָס האָבן באַשלאָסן אויסצופילן די אויפ־גאַבע ביזן סוף. זיי קומט ניט קיין דאַנק, אָבער ס'איז צו באַוווּנדערן זייער עקשנות און אויסדויער, ניט קו־קנדיק אויף די שוועריקייטן צו זאַמלען מאַטעריאַל און מיטלען און טראָגן דער גלייכגילטיקער באַציאונג מצד די חברים, איז זיי געלונגען צו שאַפן א געטריי־ען בילד פון אונזער דיסנע, ווו ס'האָט געלעבט, זיך געפרייט און שפּעטער געוויינט ביז צום ביטערן סוף.

אויסער דעם דאַזיקן בוך, וועלכן די פאַרוואַלטונג האָט דעם כבוד איבערצוגעבן אין די הענט פון אונ־זערע לאַנדסלייט, האָט זי ניט פאַרנאַכלעסיקט אויך אַנדערע פאָרמען פון אָנדענקען. מיר האָבן אויפגע־שטעלט א מצבה־טאָוול נאָך אונזער דיסנע אין דעם

מאַרטירער־קעלער אויפֿן הר־ציון אין ירושלים. דער טאָוול איז אַנטהילט געוואָרן דעם 27־סטן אָקטאָבער 1959 (כ״ה בתשרי תש״ך) אין אַנוועזנהייט פֿון אַ גרויסן עולם דיסנער, וועלכע זיינען געקומען ספּעציעל קיין ירושלים פֿון אַלע עקן און ווינקלען פֿון לאַנד, כּדי זיך צו באַטייליקן אין איר ענטהילונג. אין דער מצבֿה איז איינגעבויט אַ קעסטל פֿון מאַרמאָר, אין וועלכער ס׳ליגט אַ פּאַרמעט־מגילה מיט די נעמען פֿון די קדושים. דאָס איז דער פּאַרמעט, פֿון וועלכן ח׳ יהודה זמיר לעזט פֿאָר אויף איינער פֿון די אַזכּרות די נעמען פֿון די אומגעקומענע (אַן אויפֿנאַמע אין בוך).

צום סוף קען איך באַריכטן, און דאָס איז מיר אַן אָנגענעמער חובֿ צו טאָן, אַז בעת מיין באַזוך אין ניו־יאָרק האָב איך זיך דאָרט געטראָפֿן מיט אונדזערע דיסנער לאַנדסלייט און דעם פּרעזידענט פֿון ״יוניי־טעד דיסנער״ הער נתן אַבראַמזאָן. איך האָב זיך געפֿילט צווישן זיי ווי אין דער היים, אין דיסנע.

איך האָב זיך זייער געפֿרייט און געקליבן אַ סך נחת פֿון זייער האַרציקער באַציאונג צו דער אידעע פֿון בוך און צו מיר אַלס דעם פּאָרזיצער פֿון דער דיסנער־ישׂראל׳דיקער לאַנדסמאַנשאַפֿט. ס׳קומט אַ גרויסן און האַרציקן יישר כּוח דעם פּרעזידענט נתן אַבראַמ־זאָן, ווייל אַ דאַנק זיין ענערגיע און איבערצייגונגס־פֿעאיקייט האָט אונדז די ״יונייטעד דיסנער״ אויסגע־האָלפֿן מיט אַ טייל פֿון די הוצאות צום אַרויסגעבן דעם בוך.

אויך קומט אַ דאַנק דעם חבֿר נחמן אייזענבערג, מיט וועמען מיר זיינען געווען די גאַנצע צייט אין אַן ענגן קאָנטאַקט און וועלכער ס׳האָט באַרייכערט דעם בוך מיט בילדער, אויפֿנאַמען און זכרונות.

געבענטשט זאָלן זיין די אַלע, וואָס האָבן צוגעלייגט אַ האַנט און אַ פּלייצע צו דער הייליקער אַרבעט פֿון געדענקען!

**ד״ר אהרן ביילין — פּאָרזיצער**

# התוכן

# מבוא

זכרון — אבי הגאולה
שכחה — ראשיתה של גולה

עטורים הילה של גבורה ויסורים, עומדים כנגד עינינו אחינו ואחיותינו שנספו בשואה. צואתם הקדושה מבהיקה באותיות של זהב ודמים: עם ישראל לא ישכחנו!

מתוך נאמנות לצואה זו מתאספים אחת לשנה בעולם כלו יהודים יוצאי עדים ועיירות ומעלים זכרן של קהילותיהם היקרות והקדושות וזכרם של אלה, שנעקרו מן החיים באכזריות וללא עת על קידוש השם. אף אנו מתאספים ביום הזכרון, יום הבכי והמספד, לזכר קרובינו, מכרינו וידידינו שחייהם קופ־דו בידי שלטון הדמים האכזר של החיה הנאצית.

הרחק הרחק, אי שם לחופיה של הדווינה המערבית, במקום שפך יובלה הדיסנקה, חיתה לה בשלוה ונחת קהילה יהודית בשם דיסנה. קהילה כשאר כל קהילות ישראל היתה, על אנשיה היקרים, על הנוער המפ:תח והעליז שבה, שרקם חלום של חיי שויון ואחוה. באוירת החנק האנטישמית של פולין שאף הנוער בכל להט הנעורים שבו לעולם טוב יותר, עולם שבו יוכל לנהל אורח חיים חופשי מבחינה לאומית, תרבותית ומדינית.

עוד היום תעמוד לעיני זו העיירה החביבה, כשהיא שטופה בגונים של ירק ועצים. ראה עוד אראה את הרחובות ואת הבתים, בהם חיו ועבדו משפחותינו ובהם רקמנו את חלומות נעורינו. זו העיירה, זכרונה נחקק עמוק בלב בניה שנותרו בחיים ואת דמותה ישאו בלבם עד אחרון ימיהם.

בדרך פתע, ברגע מר ונמהר, נותקה שלשלת הדורות. ענגה של שחור ועלטה עטה את אירופה כלה. במגפו הברברי של בכור השטן הנאצי נמחו קהילות יהודים פורחות. החיה החומה הכריזה מלחמה על עם ישראל אוהב השלום. החל מסע הרצח כנגד יהדות אירופה, שמסרה נפשה על קידוש השם. החל הרג־עמים, שבוצע בדיקנות גרמנית בידי מכונת מלחמה חמושה עד צואר. במחנות הריכוז והבונקרים, בגיטאות וביערות, נספה שליש מבני עמנו באכזריות שכמוה לא נודעה מעולם.

הקהילה היהודית בדיסנה נמחתה מעל פני האדמה וחדלה להתקיים. אך מעטים נותרנו, זעיר פה זעיר שם, מי במחנה הריכוז ומי בין הפרטיזנים, או בחילות הלוחמים השונים שם הגן בנשק ביד על כבוד ישראל ונקם נקמת דם עמנו השפוך. אנו שארית הפלטה, שמלטנו את נפשותינו המעונות, זכינו בגדול הנסים שנתחולל לעם ישראל בכל תולדותיו הארוכות, הלוא הוא נס התגשמות החלום בן אלפיים שנה, נס הקמת מדינה יהודית חופשית ועצמאית.

כאן על אדמתנו שלנו רוצים אנו למלא את חובתנו לזכרם של קדושינו היקרים, שצואתם הקדושה קוראת לנו אל תשכחו!

אל תשכחו את הגיטאות הבוערים!

אל תשכחו את אש תנורי ההשמדה ואת תאי הגז!

אל תשכחו את משפחותינו, ידידינו ומכרינו, שנשמדו בהם!

בזכותם של כל אלה נותרנו בחיים.

אמור יאמרו, שהזמן מביא מזור לפצעים וקברים מתכסים בדשא. לאסוננו שלנו אין מזור וקברות יקירינו לא יכסם הדשא, כי את אסוננו בלבנו נשא ומצבות קבריהם בלבותינו הוצבו. את זכרם של האובדים ואת זכר יסורינו, זכר האסון הכבד ופרק הדמים האיום שבכל תולדותינו נשא בלבנו כפצע שלא יגליד לעולם. לא נשכח אותם עד אחרון ימינו עלי אדמות.

העולם מבקש היה לשכוח. אך זכרו של שליש עמנו המומת עומד לו כמזכרת עוון. כמעט וחלף רבע המאה של שנים מאז נחלו הרוצחים הגרמנים את מפלתם וכבר תרים המפלצת את ראשה. בכתלי בתי יהודים ועל בתי מדרשיהם בגולה כלה החלו צצים שוב צלבי קרס הקוראים לאיבה. החידק ההיטלראי שב לזהם בארסו את עמי התבל. באהדתם הצבועה ובצדק המזויף שלהם משחררים הם מבתי הכלא מרצחים שפעלו בגיטאות ובמחנות הריכוז. בפרלמנטים שלהם הם מחוקקים חוקים, כדי להפסיק משפטים כנגד הפושעים.

אצלנו נעור העם שש עשרה שנה לאחר השואה האיומה, כדי לשפוט את אייכמן ולזעזע את מצפון העולם באסוננו, שבממדיו ובמוראותיו יחיד הוא במינו בתולדות האנושות. את זכר האסון חייבים אנו לנצור ולהעבירו לדורות הבאים.

כשם שבלב העם חי זכר עבדותנו במצרים, זכר ימי האינקויזיציה והפוגרמים של חמילניצקי ימח שמו, כן עלינו לקיים את זכר ימי ההשמד הנוראים שבדברי ימי עמנו. איש איש ישא בלבו את כאבו על המשפחות שאבדו. היטב היטב עלינו לתת את דעתנו, כי זכרם של הנספים, הלוחש בלבותינו כאש־תמיד, לא תכבה חס וחלילה בדאגות של יום יום.

ככל יוצאי ערים ועיירות, שנספו בשואה, כך גם אנו, שארית הפלטה מדיסנה בישראל ובארצות הברית, התארגנו כדי לתת בטוי משותף לזכר האסון. באוקטובר 1958 התקיימה אספה כללית של יוצאי דיסנה ובה נבחרה הנהגה של „ארגון יוצאי דיסנה והסביבה". ההנהלה מורכבת מתשעה חברים בראשותו של ד"ר אהרון ביילין. שאר חברי ההנהלה הם: שלמה מינץ — משנה לנשיא, צבי מאיר (מילנר), יהודה זמיר (סמירין), גרשון זיידל ז"ל, רפאל רשף (רישביץ'), משה סושקוביץ, נינה סמושקין (איבניצקי) ופישל אברמזון.

עיקר תפקידו של הארגון הוא להנציח את זכרו של הקבוץ היהודי בדיסנה. במסגרת האפשרויות מלאה ההנהלה תפקיד זה בדרכים שונות.

א. במרתף השואה שבהר ציון הוקמה מצבה לזכר קהילתנו הקדושה.

ב. ליד המצבה, בתוך תיבה שנתלתה שם, הונחה מגילת קלף ובה שמות חללינו היקרים. גילוי המצבה חל ביום כ"ה בתשרי תש"ך (27 באוקטובר 1959).

ג. אורגנה פעילות נרחבת להשגת הכסף הדרוש, כדי להוציא לאור את ספר הזכרון הזה. למטרה זו קשרנו קשרים עם חברינו באמריקה.

ד. אספנו עת רבה תמונות ורשימות ועמדנו בקשרי מכתבים עם יוצאי עירנו בעולם כלו.

צאתו לאור של ספר זכרון זה הוא פרי שאיפה שבלב, פרי הרגשה של חובה להנציח את עירנו, שכה אהבנוה ושאנו קשורים בזכרה בכל נימי נפשנו.

באותם ימים של צרה וצוקה, כאשר המוות ארב בכל פינה כבתופת, כאשר הוא רחף באוירו של מחנה הריכוז, בו אדמו השמים בלהבות המשרפות והאויר היה מלא זעקות יאוש של אחינו ואחיותינו המעונים, בבונקרים וביערות, שם נשבענו, כי כל אלה שיזכו לעבור את כל זאת וישארו בחיים, לא ישכחו את האסון לעולם. הם יעשו ככל שביכולתם, שגם הדורות הבאים והעולם כלו לא ישכחו זאת.

שבועה קדושה זו הננו מקיימים בהוציאנו לאור ספר זה. יבורכו כל שנתנו לכך ידם, ומבלי שים לב לקשיים סייעו לנו למלא את החובה ההיסטורית של הדור שנותר לפליטה.

**ד"ר אהרן ביילין**

יו"ר ארגון יוצאי דיסנה והסביבה

## שלום צירלין: **תולדותיה של העיירה**

דיסנה אינה עירה עתיקה. היא נוסדה אך לפני כאר־בע מאות שנה. דיסנה לא נתברכה בשרידים חשו־בים שיעידו על עברה ותולדותיה. היא לא שמשה מרכז בעל ערך היסטורי שכותבי הקורות יעלוה במ־חקריהם ואנשי שם לא הזכירוה בספריהם. אפילו פנקס הקהל, בו נרשמים מעשים מחיי הקהלה ומאורעותיה, לא נשאר ממנה. ספק אם היה קיים פנקס כזה בקהלת דיסנה. רק בתים מספר, אשר אף שבזמננו עמדו בשממונם, נכרו בהם סמני יופי והעידו על עברם החשוב. כשדיסנה היתה עיר פלך ממש, שכנו בבתים אלה מוסדות אדמיניסטרטיביים חשובים כמו ה„קזנצ׳יי־סטבה״ — בית הרשות, ה„אופרבה״ — בית העיריה, בית הסוהר הוא ה„טורמע״ ואחרים.

אחרי מלחמת העולם הראשונה, כאשר דיסנה סופחה שוב לפולין, שפצה הממשלה הפולנית כמה מבתים עזובים אלה והקימה בהם מוסדות חנוך, כדי להפיץ את התרבות הפולנית בקרב האוכלסיה הבילורוסית והיהודית שלא הצטינה באהדתה לשלטון הפולני. אלא ששוב לא הגיעו בתים אלה למעמדם הנעלה שהיה להם בעבר.

דיסנה נהנתה, אף לאחר ספוחה לפולין, מהכנוי „עיר פלך״, אך למעשה היו כל המשרדים בגלובוקי שנמצאה במרחק של כשבעים קילומטר ממנה. העיירה נותקה מסביבתה הטבעית מבחינה דמוגרפית, לשונית, תרבותית וכלכלית. מעיר פלך תוססת הפכה החל בשנת 1921, שנת חתימת חוזה השלום בין רוסיה לפולין, לעירת־ספר שסועה, רחוקה ממרכזיה הטבעיים. דרכי התחבורה לרוסיה נותקו ממנה וממשלת פולין לא דאגה לדרכים אלטרנטיביות שיחברוה עם המרכזים החדשים.

היה בדיסנה בית קברות ישן על גבעה גבוהה בקצה העיר. מצבות האבן, שהשחירו מרוב ימים, היו מכוסות אזוב ירוק שגדל בצפיפות. בקושי אפשר היה לקרוא את הכתבות. לא זכור לי שאתר זה נחקר אי פעם, אף שהדבר יכול היה לתרום לידיעתנו את תולדות הישוב היהודי בדיסנה. מי יכול היום להגיע למצבות היקרות האלה? האם לא מחקה כאן יד התכנון הבולשביסטי את העקבות האחרונים של הישוב היהודי בדיסנה?

מקום אחר ששמו עשה עלינו רושם של אתר היס־טורי ועורר תמיד את סקרנותנו, הוא אותו אי שנמצא בשפך הנהר דיסנה אל הדווינה ונקרא בפי הפולנים על שמו של המלך הפולני „אי בטורי״. סופר על האי הזה כי נחפר על ידי סטפן בטורי, שמלך בפולין בשנים 1576—1586, למטרות מלחמה נגד איבן האיום, הרוסי. גם כאן חיינו מפי השמועה מאין לכך סימוכין מדעיים.

מחוסר מקורות מוסמכים לידיעות על האתרים שהזכרנו, ומחוסר יכולת להגיע אל התעודות ההיסטוריות שבגנזך ההיסטורי הממלכתי הפולני, המכילות בוו־דאי פרטים על עירתנו, עלינו להסתפק בידיעות ממקור שני, שהוא בהישג ידינו ושאפשר לסמוך עליהן כי נשאבו מן המקור. באנציקלופדיות שונות נרשם ה־ערך „דיסנה העיר״, המספר לנו על תקופות שונות בדברי ימיה של העיר. אנציקלופדיות בשפה הפולנית מרחיבות את הדבור ומעלות פרטים היסטוריים ככל שהם קשורים בארועים מפוארים בתולדותיה של פולין, כמו Encyklopedja Powszechna (האנציקלופ־דיה הכללית), שהופיעה בורשה ב־1861 וה־Slownik Geograficzny (המלון הגיאוגרפי). בשתיהן הפרטים כמעט זהים בכל הנוגע לימי העיירה הראשונים, כמו שנת ייסודה והמאורעות ההיסטוריים שארעו בה בשנות קיומה הראשונות. מקורות אחרים הקצו לדיסנה מקום מועט. ב־„ייברייסקאיה אנציקלופדיה״ (האנציקלופדיה היהודית) אנו מוצאים מספרים סטטיסטיים מאלפים בנוגע ליהודי העיירה והסביבה. במקורות הסוביטיים וכן באמריקנים ובאנגלים, מועטים הפרטים ואינם תור־מים הרבה לנושאנו. לא מצאנו מקורות באידיש על דיסנה ותמוה הדבר.



דיסנה היתה עיר פלך, בתחילה במחוז מינסק ואחר כך במחוז וילנה. היא נמצאת על הר הדווינה המערבית

ליד שפך נהר דיסנה שברוסיה הלבנה. מרחקה ממינסק הוא כ־50 ק״מ, ומווילנה כ־500 ק״מ.

העירה הועלתה ממעמד של ישוב חקלאי למעמד של עיר בשנת 1563 על ידי זיגמונט (III) אוגוסט, האחרון לשושלת היגלונים במלכי פולין. הדבר קרה לאחר שזיגמונט אוגוסט הפסיד שטחים נכרים בגבול הצפוני מזרחי של מדינתו לאיבן האיום ובתוך זה גם את העיר פולוצק, הסמוכה לדיסנה. המלך ביצר את העיירה והשאירה במצב של עיר בצורה במשך שנים אחדות.

דיסנה, כעיירות אחרות בגבול הצפוני מזרחי של פולין־רוסיה, הפכה איפוא לעיר מטעמי בטחון, להגנה בפני האויב הרוסי בתקופה בה היה מצבה המדיני של פולין באזור זה חמור למדי. לא מן הנמנע שאי „בטורי" נחפר על ידי המלך בטורי כקו הגנה ראשון בביצוריה של העיירה.

המלך סטפן בטורי ביקר בדיסנה פעמים אחדות. במסעו להחזרת העיר פולוצק מידי הכובש הרוסי ב־1579, סקר בטורי בדיסנה את צבא המדינה, שהיה בפקודו של מילצקי, הוויבודה של פודוליה. באותה שנה ערך בדיסנה את הארטילריה לקראת ההתקפה הצפויה של צבא איבן האיום. ברביעי באוגוסט 1579 התקיים בעיר טקס הענקת וסליות לגוטרד קטלר, נסיך קורלנד אשר נשבע אמונים לבטורי בנוכחות סנטורים והצבא כלו. מכאן יצא הצבא הפולני לכבוש את פולוצק. במסעו על פסקוב ב־1581, שוב ביקר בטורי בדיסנה. הוא סקר בה את צבאו והוציא פקודות קרב.

המעבר של האזור מממלכת פולין, שמלכיה בתקו־פה זו, גם זיגמונט אוגוסט וגם סטיפן בטורי, התיחסו בסובלנות ליהודים, לתחום שלטונו של איבן „האיום" הביא עמו צרות וסבל ליהודים.

במאה השש־עשרה הגיעה פולין לשיא התפשטותה הטריטוריאלית בזכות אחודה עם ליטה. (האחוד או־שר שנית על ידי שתי המדינות ב„אוניה" בלובלין) המדינות שבצפון על שפך הים הבלטי, כמו פרוסיה המזרחית, ליווניה וקורלנד (לטביה), הכירו בעליו־נותה. איבן האיום, לאחר שהצליח לסלק את הנסי־כויות ולאחד את רוסיה למעצמה אחת, החל במאבק נגד פולין כדי לפרוץ לעצמו דרך לחופי הים הבלטי. סטיפן בטורי הצליח לסכל את כל נסיונותיו.

איבן הרביעי „האיום", שראה את עצמו מלך „בחסד עליון", היה אכזר, חסר שווי־משקל נפשי ושכור והצ־טיין בשנאת ישראל. ידוע כי בהסכמיו עם פולין התנה תנאי מפורש שלא תנתן ליהודים דריסת רגל על אדמת רוסיה. יש הרואים את מקור שנאתו הקנאית ליהודים בתנועת „הכפירה" שפשטה במוסקבה בסוף המאה החמש־עשרה וחדרה אף לחצר המלך ולמעמד הכמורה. הרוסים ראו בה כעין תנועת „התיהדות". אחרים רואים ביחסו ליהודים רק הלך־רוח נוצרי קנאי ששימש לו כפרה על שפיכות הדמים. רצה הגורל שדיסנה תהפוך לעיר בה בשנה שצבאו של איבן כבש את פולוצק. משנאתו ומאכזריותו הרבים, הטביע בנהר הדווינה את כל יהודי קהילת פולוצק, שלא הסכימו להמיר את דתם. הדבר היה בחורף שנת 1563, כאשר הנהר היה מכוסה שכבה עבה של קרח. בפקודת הצאר נפרץ הקרח ויהודי פולוצק הוטבעו. לאחר שסטיפן בטורי, שהיה נוח ליהודים, כבש בחזרה את העיר וסיפחה לפולין קמה בה מחדש קהילה יהודית (1579).

בשנת 1583 יסד בטורי בדיסנה פרפיה קתולית־רומית ומסרה לידי הישועים שבפולוצק. בימיו הת־חילו הישועים לחדור לפולין והמלך, בקוותו להגשים בעזרתם את שאיפתו לאחד את פולין עם טרנסילבניה ומוסקבה, תמך בהם. כן קיוה, כי הישועים יסיעו לו לפשר בין הקתולים לפורשים — חסידי הכתות הפרו־טסטנטיות הקיצוניות (הלותרנים והאחים המורביים). המלך אמנם התאכזב מהם מהר, אך האחזותם החוקית של הישועים באזור היתה לעובדה. השפעתם התרחבה וחבלה קשה ביהודים. ב־1605 קבלו מהמלך הפולני זיגמונט השלישי ואזה הנחות להרחבת שטחי הפרפריה באזור. אם לא די באלה, הביא לדיסנה ב־1630 הוויי־בודה קריסטוף מלכיביץ' חולחובסקי את הפרנציסקנים. אלה האחרונים בנו ב־1773 את בנין הכנסיה הקתולית ליד הדווינה. הם בנוהו אבן במקום בנין העץ שקדם לו.

מעניין לציין שדיסנה, על כל האזור שמסביב, השת־ייכה לפליכס פץ, הדוכס מליטא (Podkomorny litewski). הוא העביר את נכסיו למסדר הבנדיקטינים שבווילנה והקונסטיטוציה הפולנית אשרה זאת בשנת 1775.

עובדת המצאותה של דיסנה על נהרות גדולים ורחבים היתה לה לפעמים מקור של ברכה ולפעמים מקור של צרות ועוני. עד שנת 1793, שנת חלוקתה

השניה של פולין, היתה דיסנה עיר ספר מבוצרת למחצה. המאבק המזוין בין פולין ורוסיה על האזור עבר על בשרה. כעיר מבוצרת, היתה דיסנה צפויה בכל עת להרס ולא יכלה להתפתח מבחינה דמוגרפית וכלכלית.

החל בשנת 1793, שבה סופחה רוסיה הלבנה כולה ואתה שטחים עצומים של פולין לרוסיה רבתי, התחי־לה העיר להתפתח עד שהפכה לעיר מרכזית בפלך. ב־1795 השתייכה דיסנה למחוז מינסק ובשנת 1842 סופחה למחוז וילנה. אמצעי הקשר בין דיסנה לוילנה היתה הרכבת. ברשימה שנכתבה ב־1861 אנו קוראים שהיו בדיסנה עיריה ובית יתומים, משטרה ומשרדי גביה של הפלך, דאר, מכס, בתי משפט, ששה בתי תפילה, שתי כנסיות אזוריות וכנסיה קתולית אחת. האוכלוסיה בדיסנה מנתה בשנה זו 6646 נפש, מהם 883 פרבוסלבים, 2773 קתולים, 16 לותרנים, 2962 יהודים, 6 מוסלמים.

בעיר היו כחמש מאות בתים, בהם שמונה בתי אבן. האדמה העירונית הגיעה ל־599 דיסיאטין, פרט ל־40 הדיסיאטין עליהם בנויים הבתים.

בדיסנה עברו באותה שנה סחורות, בעיקר תבואה וגרעיני פשתה, בסכום שלמעלה משבע מאות אלף רובל, שנשלחו לריגה. בעיר היו ששים ושלש חנויות וכמאה בתי מלאכה.

מבחינה גיאוגרפית נמצאת דיסנה באזור מישורי פורה, טוב לגדול תבואות, פשתה, פירות וירקות. כמחצית השטח של פלך דיסנה, דהיינו כ־257.496 ויורסטים מרובעים, מכוסים יערות. גם היערות שמשו מקור פרנסה חשוב לעיירה. בגאות הנהרות, באביב ובסתו, היו משיטים בהם מאות אלפי קורות בצורת דוברות ליצוא דרך הדוינה לריגה.

הנה כי כן, כאשר פסקה דיסנה להיות עיר גבול והצטרפה לאזורה הטבעי, חל שנוי ניכר בהתפתחותה הכלכלית שגרר עמו גם שנוי דמוגרפי.

מתי ומאין הגיעו היהודים לדיסנה ולאזור?

כאמור, לא נשארו לנו תעודות על קורות הקהילה היהודית בדיסנה. המספרים הסטטיסטיים הראשונים על הקהילה בדיסנה הם החל בשנת 1797. מספרים אלה וקורות היהודים ברוסיה הלבנה, מאפשרים לנו להעלות אי אלו השערות גם על ראשוני היהודים בעיירתנו.

גרושי היהודים בסוף המאה החמש עשרה, שרוקנו את אירופה המערבית מיהודים, הביאו זרם מהגרים יהודים ניכר מגרמניה לפולין־ליטא, לשטחים שבין האלבה והדנייפר. לפי מסורות נוצריות ידוע על יהודים באותה תקופה בנסיכות קייב. כן יש חוקרים הסבורים שליהדות פולין וליטא נוספו שרידים מהשכבות העל־יונות של עם הכוזרים המונגולי שהתיהד.

במאה השש עשרה גרמה התרחבותה של מדינת פולין־ליטא ליצוא מוגבר של מוצרי חקלאות ויער למערב אירופה. הממשלה הפולנית חלקה את השטחים החקלאיים העצומים שכבשה, בין אציליה והאצילים לא בררו באמצעים כדי להפיק את מירב התועלת משט־חים אלה. בשל היותם מחוסרי ידע בחקלאות, במסחר ובנהול משקים, החכירו האצילים את אחוזותיהם ליהו־דים (ארנדה), שהיו בקיאים בענפים כלכליים אלה. בדרך זו חדרו היהודים אל האחוזות גם ברוסיה הלב־נה. אין לתאר את יישובם ופתוחם של השטחים החקלאיים ברוסיה הלבנה, כמו גם את ערבות אוק־ראינה, בלי תרומתם החשובה וחריצותם של החוכרים היהודים, במימון ובשווק התוצרת. כבר הזכרנו כי בטרם היותה לעיר, היתה דיסנה אחוזה חקלאית, שהיתה שייכת בודאי לאחד האצילים. ייתכן כי היה זה אציל ממשפחת פליכס פץ הדוכס מליטא וזה החכירה כנראה ל„ארנדר" יהודי כמו אחוזות אחרות בסביבה.

הבעיה היהודית התעוררה לראשונה ברוסיה, לאחר חלוקתה הראשונה של פולין, כאשר בימי יקטרינה השניה סופחו לרוסיה מחוזות פולוצק ומוהילב על מאה אלף היהודים שישבו בהם. לבטים רבים עברו על הממשלה הרוסית בקביעת יחסה ליהודים. לכן גם לא היה היחס יציב. מצד אחד לא יכלה הממשלה לקבוע יחס חיובי ליהודים שעמד בסתירה לצוואתה הנוצרית הקנאית של המלכה אלישבע שלא רצתה לקבל תועלת ורווח מידי „שונאי ישו הנוצרי". מאידך היה לה קשה לעמוד בפני צרכי הפתוח הכלכלי שהיה לאל ידי היהודים למלאם ושחוגים מסוימים לחצו לשתפם בכך. כך עודד שר הפלך, באופן בלתי רשמי, את היהודים לשלוח ידם במסחר ולהתארגן בקהילות בערים ובכפרים. ליהודים ניתנה האפשרות ליהנות מהזכויות שהיו להם בשלטון הפולני.

משטר הערים שהונהג ברוסיה, שלפיו נמנו אזר־

חים על מעמד העירונים או הסוחרים לפי רכושם, פגע קשה ביהודים כי כאלה כן אלה היו חיבים לגור בערים. משטר זה איפשר אמנם ליהודים להבחר למוסדות השלטון בעיר, אך עורר שנאה בקרב בני העיר הנוצרים. בעקבות משטר זה גזרה הממשלה על היהודים גרוש מהכפרים והאחוזות וקפחה בכך את פרנסתם.

וכך מספר יהודי יליד פולוצק בן אותה תקופה (1782): „נטלו מאת היהודים את בתי מבשל השיכר ואת בתי משרפות היין, את פונדקיהם ואת שאר מקורות פרנסתם. אלפי משפחות נדלדלו. כן הונהגו הגבלות חדשות במסחר ובמלאכה". היהודים העברו רובם ככולם בעל כרחם למעמדות העירוניים.

משלחת יהודית, שהתיצבה בפני המלכה יקטרינה בבקשה להקל מן הגזרות השונות בשל הסבל שאלה גורמות ליהודים, נשאה פרי. המלכה הוציאה הוראה ברוח פיסנית, אשר אף שלא הוצאה לפועל במלואה הקלה על היהודים את עול פרנסתם. אפשר לומר שכאן החלה גזרת „תחום המושב", שהגביל את זכות המגורים של יהודים ברוסיה רק לרכוזים יהודיים צפופים. כאלה קמו לראשונה בשטחי רוסיה הלבנה.

בסוף המאה השמונה עשרה פשט רעב ברוסיה הלבנה. האצילים בעלי האדמות ייצאו חלק מהיבול החקלאי ובחלק הנותר השתמשו לייצור משקאות חריפים שנועדו אף הם לייצוא מבלי לדאוג לקיומם של בני־השכבות הרחבות. הועדה, שמונתה ע"י השלטונות לחקור בסבת הרעב, מצאה את היהודים אשמים וכל ההקלות שניתנו להם בוטלו. היהודים נאלצו לנדוד העירה אך הנוצרים העירוניים שללו מהם זכויות של בני עיר וכן את הזכות לעסוק במסחר.

בטבלה הבאה מוצגת תנועת האוכלוסיה בדיסנה במאת השנים 1797—1897 וחלק היהודים במסחר העירוני בשמונה השנים 1797—1805. יש להניח שהסוחרים הנזכרים בטבלה אינם חנונים אלא סוחרים בקנה מדה גדול יותר כמו סוחרי יערות, פשתה וכד'. הטבלה לקוחה מהרשימה הממלכתית של חייבי מס בדיסנה.

| בדיסנה | 1797 | 1799 | 1802 | 1805 | 1847 | 1861 | 1897 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מספר כל התושבים | 1576 | 2089 | 2456 | 2411 | אין | 6646 | 6756 |
| תושבים לא יהודים | 1164 | 1404 | 1746 | 1719 | פרטים | 3646 | 2139 |
| תושבים יהודים | 412 | 685 | 710 | 692 | 1880 | 3000 | 4617 |
| סוחרים לא יהודים | 39 | 40 | 110 | 160 | אין פרטים | | |
| סוחרים יהודים | 46 | 24 | 17 | 11 | | | |

הרכב האוכלוסיה בדיסנה באחוזים ומספר התושבים לסוחר.

| השנה | אחוז היהודים | אחוז לא יהודים | מספר יהודים | תושבים לסוחר לא יהודים |
|---|---|---|---|---|
| 1797 | 25.0 | 75.0 | 9 | 30 |
| 1799 | 32.5 | 67.5 | 28 | 35 |
| 1802 | 28.5 | 71.5 | 42 | 16.5 |
| 1805 | 28.5 | 71.5 | 63 | 14 |
| 1861 | 45.0 | 55.0 | — | — |
| 1897 | 68.0 | 32.0 | — | — |

המסקנות מהטבלות הנ"ל הן דלהלן:

א. במשך מאה שנה גדלה האוכלוסיה הכללית בדיסנה פי ארבע.

ב. האוכלוסיה הלא־יהודית, גדלה במאה שנים אלה פי שנים.

ג. האוכלוסיה היהודית בדיסנה, גדלה במשך תקופה זו יותר מאשר פי אחד־עשר.

ד. בשנים 1797—1805, כלומר במשך שמונה שנים, עלתה האוכלוסיה היהודית בדיסנה מ־25% ל־28.5%.

ה. בשנת 1897, הגיעה האוכלוסיה היהודית בדיסנה לשני שלישים מכלל אוכלסיתה הכללית.

ו. למרות הגידול של האוכלוסיה היהודית, פוחת והו־לך מספר הסוחרים היהודים בדיסנה. ב־1797 היה סוחר יהודי אחד לכל תשעה תושבים יהודים וסוחר לא יהודי אחד לכל שלושים תושבים לא יהודים. במשך שמונה שנים חלה ירידה תלולה במספרם כך שבשנת 1805 היה סוחר יהודי אחד לכל ששים ושלושה תושבים יהודים וסוחר לא יהודי אחד לכל ארבעה עשר תושבים לא יהודים.

הגידול היחסי והמוחלט של האוכלוסיה היהודית בדיסנה ומקומם של היהודים בענף המסחר בה, אינם אלא בבואה למצב היהודים ברוסיה בכלל. הגזירות והאיסורים לא פסחו גם על יהודי דיסנה והסביבה. שוב לא יכלו היהודים לגור בכפרים ובאחוזות או לקנות קרקעות. שחרור האכרים שלל מהם את מעמדם כחוכרים ומתווכים והם נאחזו במסחר הזעיר כחנונים, רוכלים ובעלי מלאכה. מקלטם היחיד היה העיר. סייעו לכך גם הפחד המתמיד מפני הרדיפות והפרעות, שבאו כתוצאה מלבוי השנאה ליהודים על ידי חוגי השלטון בקרב השכבות התחתונות של העם הרוסי. רכוזים צפו־פים של יהודים בעירות, היו אמצעי של הגנה עצמית.

והרי עדות של יהודי משנת 1897, השנה בה הגיע מספר היהודים בדיסנה לשני שלישים מכלל האוכלוסיה בעיר בשל גרושם מהכפרים: —

„מי שלא יצא ברצון גורש באונס. רבים הוצאו ללא רחמים בלווית נוגשים מן האכרים או מאנשי הצבא. כבהמות דפקום והכניסום לערים ולעירות, שם עזבום ברחוב תחת כפת השמים. ביותר גדלה אכזריות הגרוש מן הכפרים במחוז ויטבסק".

לא שפר גורלם של יהודי רוסיה ויהודי דיסנה בכללם. שנה שנה וגזרותיה.

על אותה שנה, היא שנת 1897, מסופר במקור אחר כי אוכלוסיתה של דיסנה מנתה 6739 תושבים, ובתוכם כ־5600 יהודים רובם חנונים. כן היו בדיסנה כ־265 שכירי יום. 8 משפחות עסקו בגידול ירקות על שטח של כחמישה דיסיאטין אדמה חכורה. עוד 437 דיסי־אטין אדמה נרכשו בסביבה ועובדו על ידי יהודים. בעיר היה קיים בית־ספר יהודי ובו 170 תלמידים ותלמידות.

לבסוף נביא את מספר היהודים בקהילות שבפלך דיסנה בשנת 1847.

| | | | |
|---|---|---|---|
| דיסנה | 1880 | גלובוקי | 2183 |
| דרויה | 2366 | גולוביטש | 175 |
| גרמנוביץ | 166 | שרקישטשינה | 472 |
| לוזשקי | 458 | פוסטוב | 554 |
| ליאונפול | 280 | | |

לפי הרשום היו בפלך דיסנה באותה שנה כמאתים וחמישים אלף נפש, בהם 20,732 יהודים דהיינו למעלה מעשרה אחוז.

לעיר ספר אמיתית, עיר שנותקה באופן מלאכותי מנופה הטבעי ושכל מעינותיה הכלכליים נסתמו בגלל מצבה הפוליטי, הפכה דיסנה בשנת 1921 והדבר נמשך עד מלחמת העולם השניה. דיסנה הורחקה ממסילת הברזל הקרובה בורקוביץ ונהר הדוינה פסק, בגלל היותו גבול, לשמש עורק תחבורה לסחר חוץ, לריגה ולים הבלטי.

בשנים אלה השתנתה האוכלוסיה בעיירה. למעלה משמונים אחוז מתושביה היו יהודים. התהליך הזה נתגלה עוד בשנות התשעים של המאה הקודמת. הנוצרים היו בחלקם פקידי הרשות וחלק קטן מאד מהם, בעלי מלאכה וחנוונים. עוד פחות מצאו את פרנסתם כשכירי יום אצל התושבים היהודים.

היהודים לעומתם, פתחו רובם חנויות או עסקו במסחר של פשתה, עורות, בצים וכו'. אחרי 1921, כאשר האזור הצפוני הסמוך לדיסנה נותק ממנה ועבר לרוסיה הסוביטית, הצטמצם מספר הלקוחות. חנויות נסגרו ונפתחו והחנונים היהודים עמלו קשה על פת לחמם. אמנם עדין היו יהודים שעסקו ביצוא כביכול, אך היו אלה מתוכים ליצואנים שישבו בוילנה או בערים אחרות בפולין רבתי. פרט לעצים, שביחס אליהם הושג הסכם בין פולין לרוסיה שאיפשר השטתם בדוינה, נשלחו יתר הסחורות בעגלות רתומות לסוסים, בדרכי עפר משובשות שנשתבשו ביותר בעונות הגש־מים.

נוסף לבעלי המלאכה ששרתו את האוכלוסיה המקו־מית ומעט גם את הגויים שבסביבה, מצא חלק גדול מהתושבים היהודים את פרנסתם בעבודה מפרכת בנקוי הפשתה, ברוכלות בכפרים שבסביבה ואף בהב־רחה.

קשים היו חיי התושבים היהודים בדיסנה. אך יחד עם זאת חיתה הקהילה חיים יהודיים תוססים, חיי שמחה,

כפי שחסידים יודעים לשמוח (בדיסנה לא היה „באופן רשמי" אף מתנגד), הנוער היה תוסס ומשכיל, קשור למקור מחצבתו בכל נימי נפשו ולמרות שהמודרני־זציה אחרה לבוא לעיירה, היו תושביה קשורים לעולם החיצון הכללי והיהודי. תנועות נוער, עליה לארץ, „מאבקים" פוליטיים, רופאים, עורכי דין, מורים — פרי יצירה וארגון של 400 שנה בערך. כל זה היה בדיסנה. היה ועבר מן העולם.

## שלום צירלין : די געשיכטע פון דיסנע

דיסנע איז ניט קיין אַלטע שטאָט. זי איז געגרינ־דעט געוואָרן אַלס א שטאט מיט פיר הונדערט יאר צוריק. אין דיסנע זיינען ניט פאַרבליבן קיין מאָנומענ־טאלע שרידים, וואס זאלן עדות זאגן וועגן איר פאר־גאנגענהייט. זי איז קיינמאל ניט געווען קיין צענטער מיט א חשובן היסטאָרישן ווערט, כדי היסטאָריקער זאלן איר באשרייבן אין זייערע פאָרשונגען און וויכ־טיקע שריפטשטעלער זאלן זי דערמאָנען אין זייערע שריפטן. אפילו קיין פנקס הקהל איז ניט פארבליבן נאך איר. ס'איז אַ גרויסער ספק אויב ס'איז בכלל געווען אַ פנקס אין דיסנער קהלה. נאָר אייניקע גע־ביידעס, וואס כאטש שוין אין אונזערע צייטן זיינען זיי שוין געשטאנען פוסט און האלב רואינירט, האָבן דאָך דערציילט, א דאנק זייער אויסזען, וועגן דיסנער „חשובע" פאָרגאנגענהייט. ווען דיסנע איז געווען אַ אדמיניסטראטיווער צענטער, זיינען אין די הייזער געווען וויכטיקע מלוכה'שע אמטן ווי די „קאזנא־טשייסטווע", די „אופראַווע", די „טורמע" און אנ־דערע.

נאכדעם ווי דיסנע איז נאכן ערשטן וועלט־קריג ווידער אריבער צו פוילן האט די פוילישע רעגירונג מאָנטירט אייניקע רואינירטע הייזער און האט דארט געעפנט ערציאונגס־אנשטאלטן, כדי צו פארשפרייטן די פוילישע קולטור צווישן דער יידישער און וויס־רוסישער באפעלקערונג, וועלכע האט זיך ניט אויס־געצייכנט מיט איר סימפאטיע צו דער פוילישער מאכט. נאר צו זייער אמאליקן „פראכט" זיינען די הייזער ניט צוריקגעקומען.

כאטש דער „פאָוויאט" האט געהייסן, אויך אונטער דער פוילישער מאכט, אויף דיסנער נאמען, זיינען דאך אַלע רעגירונגס אמטן ניט געווען אין דיסנע נאר אין גלובאקע, וועלכע געפינט זיך בערך 70 ק"מ וויט פון איר. די שטאָט איז ארויסגעריסן געוואָרן פון איר נאטירלעכער סביבה אין דעמאָגראפישן, שפראכלעכן, קולטורעלן און עקאָנאָמישן געביט. פון אַ צענטראלע שטאט אין איר אומגעגנט איז זי געוואָרן, פון יאר 1921 ווען ס'איז געחת'מעט געוואָרן דער שלום־אָפמאך צווישן פוילן און רוסלאנד, א קליין, אונווערט־פולע שטעטל, וויט פון אירע נאטירלעכע צענטערס. די קאמוניקאציע מיטלען קיין רוסלאנד זיינען פון איר אפגעריסן געוואָרן און קיין נייע אלטערנאטיווע וועגן צו די נייע צענטערס האט דער נייער רעזשים ניט געבויט.

אין פארשטאט פון דיסנע איז געווען דער אלטער בית־עולם. די שטיינערנע מצבות, שווארץ פון אלט־קייט, זיינען באדעקט געווען מיט גרינעם שימל. קוים־קוים האט מען געקענט לייענען אַן אויפשריפט אויף די אלטע שטיינער. כ'געדענק ניט, אַז דער היסטאָרישער דענקמאל זאל אַמאָל ווערן געפאָרשט דורך וויסנשאפטלער, כאטש דאס האט געקענט צוגעבן וויכטיקע אינפאָרמאציעס אין צוזאמענהאנג מיט דער געשיכטע פון דער יידישער באפעלקערונג אין דיסנע. ווער קען עס היינט דערגרייכן צו די אלטע טייערע מצבות? האט די סאוויעטישע האנט ניט אויגעפירט אירע אויפבוי פלענער אויף די לעצטע סימנים פון יידישן יישוב אין דיסנע?

אַן אנדער פלאץ וועלכער האט אויף אונדז זיינער צייט געמאכט אַן איינדרוק אלס א היסטאָרישער

דענקמאָל און האט אונז ספּעציעל אינטערעסירט איז געווען דער אינזל, וועלכער האט זיך געפונען אין שלאָס פון ביידע טייכן, די דיסנע און די דווינע. די פּאָלאָקן האבן עס גערופן „באַטאָרי'ס אינזל". מ'האט געשמועסט, אז דער אינזל איז א קינסטלעכער און געגראָבן געוואָרן לויטן באפעל פון פוילישן קעניג סטעפאן באטאָרי, וועלכער האט רעגירט אין די יארן 1576—1586, צו קריגס צוועקן, קעגן דעם רוסישן צאַר איוואן „דער גרויזאמער". נאר דאס זיינען געווען בלויז דערציילונגען אָן א וויסנשאפטלעכן אונטער־גרונד דערצו.

ניט באזיצנדיק קיין מאסגעבנדע קוועלן וועגן די אויבנדערמאנטע פלעצער און ניט האבנדיק קיין מעג־לעכקייט צוצוקומען צו די היסטארישע דאקומענטן, וועלכע געפינען זיך אין פוילישן היסטארישן ארכיוו, ווו מ'וואלט זיכער געקענט געפינען היסטארישע ידי־עות וועגן דיסנע מוזן מיר זיך באנוגענען מיט אימ־פּארמאציעס פון קוועלן, וועלכע מיר באזיצן. אין פארשיידענע ענציקלאָפּעדיעס האבן מיר געפונען דעם טערמין „דיסנע די שטאט", וועלכע דערציילן אונדז וועגן פארשיידענע תקופות פון איר פארגאנגענהייט. די פוילישע ענציקלאפעדיעס פארברייטערן זייערע רייד און ברענגען מערער היסטארישע פּרטים, וואָס זיינען פארבונדן מיט בארימטע געשעענישן אין דער פוילישער געשיכטע, ווי צ.ב. — Encyklopedja powszechna (די אלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע), וועלכע איז דערשינען אין ווארשע אין 1861 און דער Slownik geograficzny (דער געאָגראַפישער ווערטער־בוך) און ביידע זיינען אין די איינצלהייטן זייער ענלעך צו דעם וואס באלאנגט די ערשטע צייטן נאכן גרינדן די שטעטל: ווי דער יאר פון גרינדונג און די היס־טארישע געשעענישן, וואס זיינען פארגעקומען אין די ערשטע יארן פון איר עקזיסטענץ.

אנדערע קוועלן האבן געווידמעט דיסנע נאר איי־ניקע שורות. אין דער „יעווריעיסקאיא ענציקלאפעדיא" (די יידישע ענציקלאפעדיע) געפינען מיר וויכטיקע סטאטיסטישע ציפערן וועגן די יידן אין דיסנע און אומגעגנט. אין סאוויעטישע, ווי אויך אמעריקאנישע און ענגלישע קוועלן, זיינען די פּרטים זייער קארג און שפּענדן ניט פיל פאר אונזער טעמע. אינטער־עסאנט, אז מיר האבן ניט געפינען קיין קוועלן וועגן דיסנע אין דער יידישער שפּראך.

*

דיסנע איז געווען די צענטראלע שטאט אין איר אומגעגנט, וועלכע האט געהייסן דיסנער אומגעגנט („פּאָוויאט"), צוערשט אין מינסקער קרייז און שפּעטער אין ווילנער. די שטאט געפינט זיך אויף דער מערב־דווינע, דארט ווו די טייך דיסנע גיסט זיך אין איר אריין, אין ווייס־רוסלאנד. דער מרחק פון דיסנע קיין מינסק איז בערך 54 ק"מ און קיין ווילנע אומגעפער 500 ק"מ.

צוערשט איז דיסנע געווען א דארף, אדער א לאנד־ווירטשאפטלעכע קאלאניע. דעם מעמד פון א שטאט האט זי באקומען אין 1563 דורך זיגמונט (III) אוגוסט פון פוילן דער לעצטער קעניג פון די יאגעלאנען. דאס איז געשען נאכדעם ווי זיגמונט אוגוסט האט פארשפּילט אין קריג קעגן איוואַן דעם גרויזאמען באדייטנדיקע שטחים אויפן צפון־מזרח גרענעץ צווישן פוילן און רוסלאנד און צווישן אנדערע אויך די שטאט פּאָלאָצק, וועלכע איז ניט ווייט פון דיסנע. דער פּוילישער קעניג האט דאן באשלאסן צו פארפעסטיקן די שטעטל און אלס באפעסטיקטע גרענעץ־שטאט איז זי פארבליבן אייניקע יאר.

דיסנע, אזוי ווי אנדערע שטעטלעך אויפן צפון־מזרח גרענעץ פון פוילן—רוסלאנד, איז פארוואנדלט געווען שטארק באדראָהט. ס'איז זייער מעגלעך, אַז כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דעם רוסישן פיינט, אין א תקופה, ווען די פאליטישע לאגע פון פוילן איז געווען שטארק באדראָהט. ס'איז זייער מעגלעך, אַז דער „באטאָרי־אינזל" איז טאקע געגראבן געוואָרן דורך דעם קעניג באטאָרי אלס ערשטע פאַרטיידי־קונגס־ליניע אין די פעסטונגען פון שטעטל.

דער קעניג סטעפאן באטאָרי האט אייניקע מאל באזוכט דיסנע. אין זיין קריגס־צוג אפּצונעמען פּאָלאָצק פון די רוסישע אייננעמער, אין 1579, האט ער רעווי־דירט אין דיסנע די רעגירונגס מיליטער אונטער דער אנפירערשאפט פון מילעצקי, דער פאדאליער וואָיע־וואָדע. אין זעלבן יאר האט ער אין דיסנע געריכטעט

זיין ארטילעריע איידער ער האט אַטאַקירט די רוסישע מיליטער פון איוואן „דעם גרויזאמען". דעם פערטן אויגוסט 1579 איז פארגעקומען אין דיסנע די פייער־לעכע צערעמאָניע פון נאָמינירן גוטארד קעטלער, דעם קורלאנדישן פרינץ אלס וואַסאַל, וועלכער האט געשווירן טרייהייט באַטאָרי'ן. די צערעמאניע איז פארגעקומען אין דער אנוועזנהייט פון סענאטאָרן און דעם גאנצן מיליטער. פון דיסנע איז ארויס די פוילישע מיליטער איינצונעמען פּאָלאָצק. אין זיין מארש אויף פסקאָוו, אין 1581, האט באַטאָרי ווידער באזוכט דיסנע און האט דארט ווידער רעווידירט זיין מיליטער און ארויסגעגעבן קאמף־פאַראָרדנונגען.

דער איבערגאנג פון דעם געביט פון אונטער דער פוילישער מאכט, וואס אירע קעניגן זיגמונט אויגוסט און סטעפאַן באַטאָרי האבן זיך באצויגן צו די יידן מיט טאָלעראנץ, צו דער צארישער מאכט, וואס אַן איר שפּיץ איז געשטאנען איוואן „דער גרויזאמער", האט געבראכט די יידן פון דעם געביט פיל צרות און לײדן.

אין 16־טן יארהונדערט האט פוילן דערגרייכט איר מאקסימאלע טעריטאָריאלע עקספּאנסיע אין איר היסטאריע א דאנק איר „אוניע" מיט ליטע. (די פאר־אייניקונג פון דיביידע פעלקער איז ווידער באשטע־טיקט געווארן אין דער „אוניע" אין לובלין). די לענ־דער פון צפון, אויפן באלטישן ים, ווי מזרח־פרייסן, ליוואניע און קורלאנד (לאַטוויע), האבן אנערקענט די פוילישע העגעמאניע. איוואַן, נאכדעם ווי ער האט מצליח געווען איינצונעמען די מדינה'לעך און פאראיי־ניקן זיי מיט רוסלאנד, האט אנגעהויבן א גערואנגל קעגן פוילן כדי דורכצוברעכן א וועג צום באלטישן ים. סטעפאן באטאָרי האט באוויזן מבטל צו מאכן אלע איוואנ'ס פלענער.

איוואַן דער פערטער דער „גרויזאמער"), וועל־כער האט זיך איינגערעדט, אז ער איז א „גאָט אויס־דערוויילטער", איז געווען אן אכזר, אַן גייסטיקן גלייכ־געוויכט, א שכור און האט זיך אויסגעצייכנט מיט שנאת ישראל. ס'איז באוווּסט, אז אין זיינע אָפּמאכן מיט פוילן האט ער אריינגעשריבן א בפירוש'ן באַ־דינג, אז די יידן זאל ניט געגעבן ווערן קיין דריסת רגל אויף דער רוסישער טעריטאָריע. היסטאָריקער האבן אין זיין פאנאטישער פיינטשאפט צו יידן געזען א רעזולטאט פון דער באוווּסטער באוועגונג פון „כפירה", וועלכע האט זיך פארשפרייט אין סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט אין מאסקווע און איז אריינגע־דרונגען אין צארישן הויף און אפילו צווישן די גלחים. די רוסן האבן דערין געזען א מין באוועגונג פון אננע־מען די יידישע רעליגיע.

אנדערע וויסנשאַפטלער, ווידער, האבן געזען אין זיין נעגאטיווער באציאונג צו יידן נאר אן אויסדרוק פון קריסטלעכע קנאות, וועלכער ער האט באדארפט כדי ריינצוואשן זיינע פארבלוטיקטע הענט.

דער גורל האט געוואלט אז דיסנע זאל אנערקענט ווערן אלס שטאט געוויס אין יאר, ווען איוואנס מילי־טער האט איינגענומען פּאָלאָצק. אויס שנאה און אכ־זריות האט ער באפוילן צו דערטרינקען אין דער דווינע די יידן פון דער פאלאצקער קהילה, וועלכע האבן ניט מסכים געווען אנצונעמען די פּראוואָסלאוו־נע אמונה. ס'איז געווען ווינטער צייט 1563 און דער טייך איז געווען דיק פאַרפרוירן. לויטן באפעל פון צאַר האָט מען אויפגעבראכן דעם אייז און דערטרונ־קען די פאלאצקער יידן. נאך דעם ווי סטעפאן באטאָרי, וועלכער איז געווען גאנץ יידן־פריינדלעך, האט צוריק אָפּגענומען פאלאצק און ווידער איר פאראייניקט מיט פוילן, איז ווידער באנייט געווארן די פאלאצקער קהלה (1579).

אין 1583 האט באטאָרי געגרינדעט אין דיסנע א רוימיש־קאטאָלישע פּאראפיע, וועלכע ער האט איבערגעגעבן די יעזואיטן פון פאלאצק. אין צייט פון זיין רעזשים האבן די יעזואיטן אנגעהויבן אריינדרינ־גען קיין פוילן און דער קעניג, האָפנדיק מיט זייער הילף צו פארווירקלעכן זיין שטרעבונג צו פאראיי־ניקן פוילן מיט טראנסילוואניע און מאסקווע, האט זיי אונטערשטיצט. ער האט געהאָפט, אז די יעזואיטן וועט לן אים העלפן שלום־מאכן צווישן די קאטאָליקן און די פּראָטעסטאנטישע עקסטרעמע גרופן, ווי די „לוטע־ראנער" און די „מאַראווישע ברידער". דער קעניג האט זיך טאקע אנטוישט פון זיי גאנץ שנעל, נאר זייער געזעצלעך אריינדרינגען אין דיסנע איז געווארן א פאקט. זייער השפעה האט זיך פארשפרייט און האט שטאַרק געשעדיקט די יידן. אין 1605 האבן די יעזואיטן

באקומען פון פוילישן קעניג זיגמונט דעם דריטן וואַזאַ ערלייכטערונגען צו פאַרברייטערן די שטחים פון זייער פּאַראַפיע אין געגנט. און אויב דאס איז ווייניק האט דער וואָיעוואָדע קריסטאָף חאָלחאָווסקי געבראַכט אין דיסנע די פראַנציסקאַנער. די האָבן אויפגעבויט אין 1773 די שטיינערנע קאַטאָלישע קירכע ביים דווינע, אַנשטאָט די הילצערנע, וועלכע איז דאָרט געשטאַנען.

אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דיסנע און איר אומגעגנט איז געווען אַן אייגנטום פון פעליקס פּאַטס, דער דוכּס פון ליטע. ער האָט אָפּגעגעבן זיינע גיטער די בענעדיקטינער פון ווילנע און די פּוילישע קאָנסטיטוציע האָט עס באַשטעטיקט אין 1775.

דער פאַקט, וואָס דיסנע געפינט זיך אויף צוויי גרויסע און ברייטע טייכן איז טיילמאָל געווען פאַר איר אַ ברכה און טיילמאָל אַ קוועלע פון צער און פּיין. ביז 1793, דעם יאָר פון דער צווייטער חלוקה פון פּוילן, איז דיסנע געווען אַ האַלב פּאַרטיפיצירטע שטאָט. דער באַוואָפנטער גרענעץ צווישן פּוילן און רוסלאַנד אויף דעם געביט האָבן די דיסנער איינוווינער געפילט אויף זייער לייב. אַלס אַ באַפעסטיקטע שטאָט האָט דיסנע שטענדיק געדראָהט רואינירט צו ווערן און זי האָט זיך ניט געקענט אַנטוויקלען עקאָנאָמיש און דעמאָגראַפיש.

פון 1793, צייט גאַנץ ווייס־רוסלאַנד צוזאַמען מיט אַנדערע ריזיקע שטחים פון פּוילן זיינען מיט געוואַלד פּאַראייניקט געוואָרן מיט רוסלאַנד, האָט זיך דיסנע אָנגעהויבן אַנטוויקלען און אפילו געוואָרן אַ צענטער אין איר אומגעגנט. אין 1795 האָט דיסנע געהערט צו מינסקער קרייז און אין 1842 איז זי אַריבער צו ווילנער קרייז. אַלס קאָמוניקאַציע מיטל צווישן דיסנע און ווילנע האָט געדינט די אייזנבאַן ליניע. אין אַ רשימה, וועלכע איז געשריבן געוואָרן אין 1861 לייענען מיר, אַז אין דיסנע איז געווען אַ שטאָט פאַרוואַלטונג און אַ בית יתומים, אַ פּאָליציי־אַמט און אַ צענטראַלער שטייער אַמט פון דער אומגעגנט, אַ פּאָסט אַמט, אַ צאָל־אַמט, אַ געריכט, 6 בתי מדרשים, 2 קרייז קירכעס און אַ קאַטוילישע קירכע. די באַפעלקערונג אין דיסנע אין יענעם יאָר האָט געציילט 6646 נפשות, פון זיי 883 פּראַוואָסלאַווער, 2273 קאַטאָליקן, 16 ליטעראַנער, 2962 יידן און 6 מוסולמענער.

אין שטאָט זיינען געווען אַרום 500 הייזער, פון זיי 8 געבויט פון ציגל. דער שטאָטישער באָדן איז געווען 599 דעסיאַטין, אויסער די 40 דעסיאַטין אויף וועלכע ס׳זיינען אויפגעבויט געוואָרן די הייזער.

דורך דיסנע זיינען אין יענעם יאָר דורך סחורות איבערהויפּט תבואה און זוימען, וועלכע מ׳האָט געשיקט קיין ריגע. אין שטאָט זיינען געווען 63 קראָמען אין ווערט פון העכער זיבן הונדערט טויזנט רובל, און בערך אַ 100 וואַרשטאַטן.

פון געאָגראַפישן הינזיכט געפינט זיך דיסנע אין אַ פּרוכטבאַרן פּליין, וועלכע איז גוט צו קולטיווירן תבואה, פלאַקס, פּרוכט און גרינסן. אַ העלפט פון דיסנער „פּאָוויאַט", בערך 257,496 קוואַדראַט וויאָרסט, זיינען געווען באַדעקט מיט וועלדער. אויך די וועלדער זיינען געווען אַ קוועלע פון פּרנסה פאַר די דיסנער איינוווינער אין צייט פון געוויסער: אין פרילינג און האַרבסט צייט, פלעגן דורכשווימען דורך די דיסנער טייכן הונדערטער טויזנטער בעלקעס אַלס עקספּאָרט קיין ריגע.

דאָ זעען מיר גאַנץ דייטלעך, אַז ווען דיסנע האָט אויפגעהערט זיין אַ גרענעץ שטאָט און זי האָט זיך צוריקגעקערט צו איר נאַטירלעכן געגנט, האָט זיך געענדערט צום גינסטן איר עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג, וועלכע האָט מיט זיך געבראַכט אויך אַ דעמאָגראַפישע ענדערונג.

ווען און פון וואַנען זיינען געקומען די יידן קיין דיסנע און איר סביבה?

ווי געזאָגט, זיינען ניט איבערגעבליבן קיינע היסטאָרישע דאָקומענטן וועגן דיסנער קהילה. די ערשטע סטאַטיסטישע ציפערן וועגן דיסנער קהילה זיינען פון יאָר 1797. די ציפערן און די געשיכטע פון די יידן אין ווייס־רוסלאַנד, ערמעגלעכן אונדז אומגעפער אַרויפברענגען איניקע געדאַנקען וועגן דער אויבנדערמאָנטער פראַגע.

די גירושים פון יידן אין סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט, וועלכע האָבן אויסגעליידיקט אייראָפּע פון יידן, האָבן מיט זיך געבראַכט אַ שטראָם פון יידישע עמיגראַציע פון דייטשלאַנד קיין פּוילן־ליטע, אין די געביטן צווישן דער עלבאַ און דניעפּר. לויט קריסטלעכע טראַדיציעס איז דערציילט וועגן יידן אין יענער תקופה

פלעגן זיי איר נאך געבן אביסל געלט אויפן וועג. דאקעגן ווען זיי האבן דערטאפט א ייד א סוחר, איז פאַדאוואי. און אז מען האט זיך געשטעלט אנטקעגן, האט מען צוגענומען די געלט און נאך צובראכן די ביינער.

פרייטיק פלעגן זיי קומען אהיים, געגעבן די ווייב געלט צו מאכן שבת. אליין פלעגן זיי אוועקגיין אין מרחץ און פרייטיק צו נאכט גיין צו קבלת שבת, צו־גלייך מיט אלע גוטע פרומע יידן.

## וועלוול גריינימן ז״ל: דער חלף און די זעג

(געפונען צווישן זיינע בריוו)

אין א שיינעם פרימארגן איז געזעסן זלמן דער שוחט און האט געשלייפט און געפוצט דעם חלף און האט דערביי אונטערגעברומט דעם רבינס נגון. אין דעם קומט אריין זיין ווייב, שרה־בתיה, און זאגט צו זלמנען, אז זי שטעלט איין אוגערקעס און זי דארף האבן עטלעכע ברעטלעך.

און אז שרה־בתיה זאגט עפעס, איז דאס ביי זלמנען געווען א הייליקייט. לייגט זלמן אוועק דעם חלף אויפן טיש און גייט צו צו זיין שכן ישראל דעם סטאָלער, נעמט א זעג און קומט א היים, שניידט צו די עטלעכע ברעטלעך. אז ער איז פארטיק געוואָרן, האט ער אוועק־געשטעלט די זעג אין ווינקל און האט ארויסגעטראגן די עטלעכע ברעטלעך צו שרה־בתיה׳ן.

ווען דער חלף האט דאס דערזען, האט ער נישט געקאנט פארשטיין, וואס דא איז פארגעקומען: „זלמן מיט זיינע איידעלע הענט, וואס האלט נאר מיר, ווי אזוי האט ער געקענט האלטן די זעג פונם גראבן יונג?״ און האט זיך צוקאכט מיט א גזלנישער רציחה און זאגט צו דער זעג:

„זע נאר, זע נאר, ווי דאס שטייט אין ווינקל, קען קיין צוויי נישט ציילן. און וואס פאר א צורה: קריצן, שפיצן א גאנצע שורה. איך בין גלייך, איך בין שיין און איך גלאנץ. און ווען ר׳ זלמן נעמט מיר אין האנט, טוט ער מיט גרויס כוונה א ווונק צום בורא, אז ער טוט נאר זיין רצון. אבער דו גראָבער יונג?״

די זעג:

„זע ווי ער האט זיך צעזונגען. מיר קענען דיר מיט דיין שארפן צינגל. איך זעג, איך ווייס מיין מערכה, איך און דער בעל־מלאכה, וואס איז אלע מאל א פלעק אין דער משפחה. אבער דו חלף, ביי דיר איז כולה הצ־לחה — דו שניידסט איבער די האלדז און מען מאכט נאך א ברכה״.

## חנה אפשטיין: **דיסנה**

לדיסנה הגעתי מוילנה לאחר שהוזמנתי לשמש שם בהוראה.

דרך ארוכה היא מוילנה לדיסנה. אני זוכרת את הנסיעה המיגעת ברכבת. אח״כ בדרך לא דרך לעירה גלובוקיה. המורים במקום ידעו על בואי והכינו לי קבלת פנים חמה. לנתי אצל מורה נעימה, שקבלה אותי כאלו היתה לי אחות טובה ואוהבת. למחרת יצאתי בעגלה מוזרה, שדמתה בעיני למוצג מוזיאוני למקום חפצי — דיסנה.

בעל העגלה, איש דיסנה, היה אנציקלופדיה חיה לפולקלור יהודי. כל הדרך שר שירים וספר ספורים נפלאים. בעגלתו נוכחתי בראשונה לדעת שיידיש היא שפה, ושפה יפה.

הודות לעגלון זה, הצטמצם המרחק בין גלובוקיה ודיסנה והנסיעה עברה עד מהרה. בדיסנה חכו לי חבר בבית הספר, מוכן היה חדר עבורי אצל משפחה נחמדה ועדינה, שם המשפחה נשמט, לדאבוני, מזכרוני. יודעת אני רק ששתי בנות היו להם מעבר לנהר דבינה.

לאחר מלחמת העולם הראשונה נחלקה כידוע העירה לשתי עירות, לפתע קרובים שגרו זה ליד זה נמצאו בשני צדי הגבול רוסיה־פולין.

בבית היתה עוד בת — תלמידה בביה״ס שלימדתי. האב היה כל השבוע מחוץ לבית, סובב כרוכל בכפרים הסמוכים. זו היתה הפרנסה של רוב אנשי העיריה. בשבת היה שמח. הטיול העקרי היה על שפת הנהר כדי לחזות בשקיעת השמש בשדרה ליד הדבינה, בנוף הנפלא של כל הסביבה ועקר העקרים בנוף האנושי של דיסנה. עשרות המשפחות שהתגוררו בבתיהם הקטנים, היו כמשפחה אחת גדולה. כל תושב ידע מצב שכנו וחי ודאג גם לזולתו. באיזו התלהבות היו מקבלים אורחים הביתה באיזה רוחב לב היו מגישים מכל טוב על השלחן. הנוער של דיסנה, כמו כל נוער, חלם לצאת לעולם הגדול, הרבה מהם התכוננו לעלות ארצה, למדו בעצמם שפות.

רק חדשיים עשיתי בעירה הזאת, אבל נשאר לי זכר חם כמו לכל היקר שהיה ואיננו עוד.

## אריה רישביץ: **זכרונות מהשנים האחרונות**

שני בתים מילאו את חזיתו של רחוב פיריבוזנה ששמו הוחלף אחר כך לקונופניצקי. בבית אחד גרה משפחת שמרל רחלסון הנגר ובשני גרו הורי, הרשל ופרידל רישביץ. שם נולדתי ושם רקמתי את חלומות נעורי.

בנעורי אהבתי לקרוא והתהדרתי בספריה קטנה שהיתה לי בביתי. עיקר גאוותי היתה על ספרי ההיסטוריה של גרץ שהיו לי. ספרים חדשים היו ושמם חקוק בגבות העור הירוקים באותיות של זהב. אותם ספרים של גרץ, שני אויבים היו להם בין באי ביתנו, אויבים בנפש. האחד היה רבי מן החדר, שנהג לסור אלינו לקידוש בשבתות והשני היה דודי מנדל ליב. הרבי לא קרא לגרץ אלא „גרעפץ" והוסיף על כך קללה. הוא לא עבר על פני הספרים מבלי שרקק קלות. „אל יפקד זכרו של זה הרשע" מלמל בעברו. דודי מנדל־ליב הרשה לעצמו יותר מכך. כשעלתה פעם חמתו נטל כרך מכרכי ההיסטוריה והשליכו אל עביט השפכים. למזלי היתה אמי אשת חיל ואותו עביט עמד רוב ימיו ריקן. הספר יצא מן ההרפתקה בכתם בלבד.

אבא ודודי מנדל ליב, שהיו אחים, אהבו זה את זה

ולא נפלו ביניהם דברים מעולם. רק גרץ העיב על האהבה. דודי הוכיח את אבי על שהוא נותן יד לפושעים ואבי השיב שאין בספרי היסטוריה לא כפירה ולא מינות חס וחלילה. יהודי חייב להכיר את תולדות עמו. וכבר אמר משה רבנו עליו השלום: זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור.

אני ואבי נוסעים היינו הרבה לחכור גני פרי בכפרים וכך הכרתי את כל העיירות שמסביב לדיסנה, אותן וכל אשר בהן. בתים של עיירה קטנה בתים של עץ היו. גגותיהם עשויים קש וקירותיהם מטויחים בחמר וחלונות קטנים ניבטים מהם למרחבי הארץ. בסמטאות הסתובבו עזים, שהשיבו נפשן בקש גגות. בככר השוק היתה הבאר. בקילון שעל פיה היו תלויים חבלים להעלות בהם את דליי המים. לא רחוק מכנסית הגויים עמד מנומנם בית הכנסת. בלילה נתכנסו בו מתי עולם לאספתם...

חלום עליתי לארץ נרקם במועדון ה„פריהייט" של „החלוץ", שבו נפגשו כל בני הנעורים שבדיסנה. קודם לעליתי יצאתי להכשרה לשוינצן ולקבוץ בוילנה. שהיתי בהכשרה ארבע שנים. לעולם לא אשכח פרידתי מהורי. דמעות עיניהם כאילו שאלו: העוד נשוב לראותך? שאלתם התנוצצה כנגדי גם כשנשקתי את המזוזה. שאלתם מהדהדת באזני עוד היום.

כשהחלו מגיעים לארץ פליטי השואה, משכני לבי לבתי העולים ולמשכנותיהם. מציץ הייתי בפני האנשים, שמא אמצא בהם אדם מוכר. יום אחד עבדתי בהקמת אהלים לעולים בחדרה. והנה ליד הברז שותה בחור מים.

„מנין באת לכאן?" שאלתי.

„מן הכוסית והקנקן", השיב.

„אתה מדיסנה!" קראתי, לפי שתשובה זו ,לשון דבור של דיסנאים היא.

אכן, היה זה מנדיק גינדין. היו שם הוא ובני ביתו. נפלנו איש על צוארי רעהו. הרבה דברנו על השואה, שבאה על יהודי אירופה. אי אפשר היה לנו לראותה כדבר שבמקרה. ראינו אותה תוצאה של היותנו עם ללא מולדת, תוצאה שלא היה ממנה מנוס, לפי שעם ללא מולדת בניו הם הפקר. אמונה זו לא דעה ערטילאית היא. אנו על בשרנו חזינו את אימתה.

## יעקב רופא: **עיירתי דיסנה**

כמבעד לערפל צצים ועולים בזכרוני מראותיה של דיסנה ויהודיה הנלבבים. בתים נאים ומצוחצחים, חנויות ודוכנים המכילים מכל טוב, ושני נהרות גדולים סביב סביב ששני גנים מתמשכים בגדותיהם. צעירים מבני העירה טיילו בשבילי הגנים ואבותיהם שוחחו שם בהויות העולם, כשהם שואפים אויר צח מלוא פיהם.

זוכרני כיצד, בבוא האביב, היו הנהרות עולים על גדותיהם ומציפים את העיירה. שטפון גדול היה בשנת 1931. העיירה נותקה מכל סביבותיה והנזק היה רב.

חקוקים בזכרוני ימים של חג בעיירה, הימים הנוראים, פסח, שבועות ול"ג בעומר. כל בני העיר, מגדול ועד קטן, טרחו לנקות ולצחצח את בתיהם, לבסוף אף התנקו הם עצמם, התקשטו במיטב בגדיהם ויצאו לטייל על הגשר שעל הדיסנקה ובגן. לב כולם היה טוב עליהם. נשתכחו הצרות של יום־יום ורוח של חג היתה שפוכה על פני כל העיירה כולה.

זוכרני את בני הנעורים בדיסנה מוכת העוני. כמה התאמצו לגבור על ענים ולהגיע לעתיד טוב יותר. רבים נאלצו להפסיק את למודיהם כדי לסייע בפרנסת הבית, אך גם אלה השתדלו להשלים את למודיהם בשעורי ערב או בבית ספר מקצועי. יצר הלמוד היה נטוע עמוק בלבבות כיצר טבעי. הורים עמלו קשה כדי לאפשר לבניהם ללמוד. עיקר משאת נפשם היה לעשות את בניהם למהוגנים.

בעיירה התנהלה פעולה תרבותית ענפה. לפרסום רב זכה החוג הדרמתי בראשותו של הירשקה סלוצקוב.

חובבי החוג לא חסו לא על כספם ולא על זמנם ובלבד שיתקיים. קבוצת כדורגל היתה בעיר. כמעט כל בני העיר היו מתכנסים במגרש הכדורגל שעה שקבוצתנו התמודדה שם עם קבוצה מעיירה סמוכה. עד היום עודני זוכר את הטוב בשחקני הקבוצה שלנו, את אייבה קופרמן. מה זריז היה בהוליכו את הכדור ברגליו. מה מהיר היה בהבקיעו את שער היריב. הקהל געש בשמחה למראה שחקנם האהוב.

זוכרני כיצד היינו כולנו רצים לקונצרטים של חיים־דוד, אשר כנורו התיפח בידו במיטב הנגונים. אני זוכר את החופות שנערכו בחצר בית הכנסת, את הבדחן מרדכי טארנה, את מכבי־האש ויונה אפשטיין בראשם, את רוח החג ששרר בסיום המחזור הראשון בגימנסיה הפולנית, תלמידה המצטיין, אהרון ביילין, זכה אז לציון מיוחד.

למקום חשוב בחיים החברתיים זכתה הסתדרות החלוץ. לה זכויות רבות בכך, שנתנה לנוער אידיאל של חיים, אגב עבודה מעשית למען הקרן הקימת וקרן היסוד. בראש ההסתדרות עמד זלמן צירלין הבלתי נלאה. זוכרני כמה קנאנו בחלוצים הראשונים, סמירין ובלכמן, בעלותם לארץ ישראל.

הכל בעיירה כה קרוב לי עתה, כה חקוק עמוק בלבי. המרצח הגרמני את כולם השמיד, אותם ואת מרקם חלומותיהם.

במלאכת הדמים היו לגרמנים שותפים נאמנים — פולנים, אוקראינים, ליטאים ואחרים. הרוצחים, שנאת יהודים ליכדה אותם בתאוות הרצח שלהם והם מחו עיירות ויושביהן.

דיסנה שלנו ריקה מיהודים. לא השארנו בה אלא קבר אחים גדול אחד. הקבר גדור מסביב ועליו מצבת אבן ובה חקוק לאמור: „פה נטמנו יהודי דיסנה הקדושים שנשמדו בחמת רצח בידי הנאצים ועוזריהם".

אף עתה, לאחר חורבננו הגדול, עוד לא הניחו שונאינו ידם. שוב ושוב הם מחללים את הזכרון האחד שנשאר בתחומם לזכר יהודי דיסנה ומלכלכים והורסים את המצבה.

מכל משפחתי הענפה לא נשארתי אלא אני האחד. עלי, שרק בדרך נס נשארתי בחיים, הוטל להנציח את זכרם של הקרובים לי והיקרים, את אבי לייזר רופפא, את אמי חיה מינה, את ארבעת אחיותי דבורה׳קה, ביילקה, נחמה׳קה, סונקה ואת אחי זלמן. את כולם כולם השמידה החיה הגרמנית.

אני עברתי כל אותו גיהנום. שהיתי בגיטו מינסק עד לחיסולו, נתגלגלתי לפוזנן, שם הייתי כלוא חדשים רבים ומשם הועברתי למחנה ההסגר בברגן־בלזן, שנה תמימה נמשך שביי בברגן־בלזן, עד ששחררונו האנגלים.

לאחר השחרור שמתי פעמי לחזור למינסק, שמא אפגוש מי מהם. אך לאסוננו הגדול לא מצאתי אלא קברים.

בשנת 1957, לפני שיצאתי מברית המועצות, נסעתי לקבר האבות בדיסנה. רציתי לשוב ולראות את העיירה בה נולדתי ובה בליתי את ימי נעורי. רציתי להפרד מיהודי דיסנה, מקרובי ומיקירי שהורדו אל קבר האחים.

כבוד לזכרם.

## יעקב רופפא: מיין שטעטעלע דיסנע

ווי א נעפל פון זכרונות שטייט פאר מיינע אויגן מיין שטעטעלע דיסנע מיט אירע הארציקע יידן; די שיינע, ארומגעפוצטע הייזלעך; די קראמען און קרעמלעך, וואס האבן פארקויפט פון כל־טוב. די צוויי גרויסע טייכן, וואס האבן ארומגענומען דיסנע. די צוויי גרויסע בולווארן, וואס האבן זיך געצויגן לעבן די טייכן און וווּ אין די אוונטן האט שפאצירט די שטעטלשע יוגנט און די עלטערע יידן האבן געשמועסט וועגן פאליטיק און געשלונגען פרישע לופט.

איך דערמאן זיך ווי אונדזער יוגנט, אין דער פאר־

אָרעמטער דיסנע האט געשטערבט מיט אלע כוחות זיך ארויסצורייסן פון דער ארעמקייט, כדי צו דערגרייכן א ציל און א בעסערן צוקונפט אין לעבן. א גרויסער טייל האט געמוזט איבערייסן דאס לערנען, ווייל זיי האבן געדארפט ארויסהעלפן אין דער היים מיט פרנסה. דאָך האט יעדער זיך אָנגעשטרענגט און זיך געגאנגען לערנען אין אַן אוונט־שול, אָדער פאַך־שול.

אין שטעטל איז געפירט געווארן א פארצווייגטע קולטור־טעטיקייט אויף אלע געביטן. זייער פּאָפולער איז געווען דער דראמאטישער קרייז, אנגעפירט פון הירשקע סלוצקאוו. די ליבהאבער פון קרייז האבן נישט געקארגט קיין צייט און געלט און געטאָן אלץ אויפ־צוהאלטן דעם קרייז.

כמעט דאס גאנצע שטעטל פלעגט זיך פארזאמלען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ, ווען אונדזער יידישע דיסנער פוט־באל־מאנשאפט פלעגט זיך פארמעסטן מיט א צוויי־טער מאנשאפט פון א דערבייאיק שטעטל. איך געדענק נאך היינט דעם בעסטן שפילער פון דער „קאמאנדע״, אייבע קופערמאן. ווי פלינק ער פלעגט כאפן דעם באל און אריינקלאפּן א טויער דעם קעגנער און די פריידי־קע אויסגעשרייען פון דעם עולם פאר איר באליבטן שפילער.

גאר חשוב אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דיסנע איז געווען די ארגאניזאציע: חלוצים־שומרים, וואס האט פיל פארדינסטן פאר געבן דער יוגנט אן אידעאל אין לעבן. אויך ממשותדיקע ארבעט פאר קרן־קימת און קרן־היסוד. אין שפיץ פון דער ארגאניזאציע איז גע־שטאנען דער אומדערמידלעכער זלמן צירלין. איך דער־מאן זיך, ווי מיר זענען מקנא געווען די ערשטע חלוצים, וואס זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל: סמירין און בלאכמאן.

ווי קאן איך שרייבן וועגן אונזער דיסנע און נישט דערמאנען דעם חדר; דעם רבין, וואס האט דערלאנגט מיטן שטעקן פארן נישט קענען די סדרה; דאס באָדן זיך אין דער „דישענקע״, אדער אין שלאָס פון ביידע טייכן; דאס אריינכאפּן זיך אין דער גאז־וואסער פאב־ריקל פון אידל סושקאוויטש און טרינקען פאר 5 גראָשן א קאלטע גלאז זעלצער־וואסער מיט סאק; דאס עסן „פיראזשנעס״ פאר 10 גראשן אין דער בעקעריי פון אלטער רומער.

ווער פון אונדז פלעגט עס נישט לויפן צו די קאנ־צערטן פון חיים־דוד, וועלכער פלעגט אויסוויינען אויף זיין פידעלע די שענסטע ניגונים; די חופות אין שול־הויף; דעם בַדחן מרדכי טארנאָ; די פייערלעשער מיטן הויפט פאזשארניק. איך דערמאן זיך די פייערלעכקייט ביי דעם ערשטן ארויסלאז פון דער פוילישער גימנאזיע מיט איר בעסטן שילער אהרן ביילין, וואס איז פארן זיך גוט לערנען געווארן אויסגעצייכנט.

אלע, אלע זענען זיי מיר איצט נאענט אזוי און איינ־געבאקן אין הארצן.

איך דערמאן זיך, ווי היינט וואלט עס געווען, ווען צום ערשטן מאל איז אין דיסנע אריינגעפארן דער אוי־טאבוס. דאס גאנצע שטעטל איז געלאָפן אנקוקן דעם אויטאבוס. עטלעכע טעג נאכאנאנד איז די געשעניש געווען דאס גערייד פון די שטעטלשע יידן.

איך געדענק ווי יעדן פרילינג פלעגן די טייכן זיך אויסגיסן און אונזער שטעטל פלעגט פארפלייצט ווערן. איין פארפלייצונג אזא, וואס האט געבראכט פיל שאָדן, איז פארגעקומען אין 1931. דאס גאנצע שטעטל איז געלעגן אין וואסער. געווען אפגעשניטן פון די ארומיקע שטעטלעך.

איינגעקריצט אין מיין זכרון זענען נאך ביזן היינ־טיקן טאג די ימים־נוראים־טעג אין שטעטל, פסח, שבועות, ל״ג בעומר. אלע, פון קליין ביז גרויס, פלעגן רייניקן און שייערן די הייזלעך; אליין זיך אויספוצן אין די שענסטע בגדים, וואס יעדער האט פארמאָגט זיך געלאזן שפּאַצירן איבערן בריק, וואס אויף דער „די־שענקע״, אדער אויפן בולוואר. אלע זענען געווען אויפ־געלעגט; פארגעסן די טאג־טעגלעכע זארגן. א יום־טוב שטימונג איז געלעגן אויסגעגאסן אויפן גאנצן שטעטל.

די יוגנט אין דיסנע האט געהאט א פארלאנג זיך קולטורעל אויסצולעבן. אלע רעפעראטן און לעקציעס מיט אראפּגעבראכטע לעקטארן און פרעלעגענטן פון א גרעסערע שטאט, פלעגן זיין איבערפולט. נאך א טאג ארבעט פלעגט די יוגנט לויפן, ווער זיך לערנען אין אוונט־שול; ווער צו א לעקציע, אדער רעפעראט און ווער סתם זיך ווילן ביי א טאנץ־אוונט. אויף מארגן נאך א רעפעראט פלעגן נאך אלץ אנגיין הייסע דיס־קוסיעס פאר און קעגן דעם רעפערענטס ארויסגעזאגטע מיינונגען.

די עלטערן, ווידער, האבן שווער געארבעט, געגעבן די קינדער אלע מעגלעכקייטן צו לערנען זיך. געהאט די אמביציע צו מאכן פון די קינדער לייט. געטרוימט צו האבן פון די קינדער א ביסל נחת. צו אונזער אלעמענס גרויסן אומגליק איז דאס זיי נישט באשערט געווען.

איצט איז אונזער דיסנע יידן־ריין. פארבליבן נאר איין גרויסער קבר. דער קבר איז ארומגעצאמט. א שטיין מיט אן אויפשריפט זאגט, אז: דא ליגן באגראָבן דיס־נער יידן־קדושים — מערדערלעך אומגעבראכט דורך די נאציס און זייערע ארויסהעלפער.

אפילו איצט נאך אונזער גרויסן חורבן קענען אונ־זערע שונאים נישט רוען און פארשוועכן דעם איינציקן אנדענק, וואס איז פארבליבן נאך די דיסנער יידן. דער קבר ווערט אפט באשמוצט און צעשטערט. אויך טוי־טערהייט האבן אונזערע נאענטע און הייליקע מארטירער קיין מנוחה נישט.

פון מיין גרויסער פארצווייגטער משפחה, בין איך איינער געבליבן לעבן. אויף מיר, דעם על־פי־נס לעבן־געבליבענעם, איז אויסגעפאלן דער גורל צו דערמאנען און פאראייביקן דעם אנדענק פון מיינע טייערסטע און נאענטסטע: מיין פאטער לייזער רופפא, מיין מוטער חיה־מינע, מיינע פיר שוועסטער: דבורהקע,ביילקע, נחמהקע, סאנקע און מיין ברודער זלמן. זיי אלע האט די דייטשע בעסטיע אומגעבראכט.

איך אליין האב דורכגעמאכט דעם גאנצן גהינום. איבערגעלעבט דעם מינסקער געטא ביז דער ליקווי־דאציע; פארשלעפט געווארן קיין פאזנאן, ווו כ׳בין געזעסן 2 חדשים אין טורמע; דאן אינטערנירט אין בערגען־בעלזען. אין בערגען־בעלזען האב איך גע־שקלאפט א יאר צייט ביז די ענגלענדער האב אונדז באפרייט.

נאך דער באפרייאונג האב איך זיך דערשלעפט צוריק קיין מינסק, געמיינט, אפשר וועל איך טרעפן וועמען. אבער צו אונדזער אלעמענס גרויסן אומגליק האב איך אומעטום געטראפן קברים.

אין יאר 1957 פאר מיין פארלאזן סאוויעטן־פאר־באנד, בין איך צוגעפארן קיין דיסנע אויף קבר־אבות. איך האב געוואלט צום לעצטן מאל זען מיין שטעטל, ווו איך בין געבוירן און פארבראכט מיין יוגנט. געוואלט זיך געזעגענען מיט די דיסנער יידן, מיט מיינע נאענטע און טייערע, וואס ליגן פארשניטן אין איין גרויסן אלגע־מיינעם קבר.

## דרויער־ווערסקיין פייגע: א בינטל זכרונות, פייגע דרויער

מיין אלטע היים, מיין טייער שטעטל דיסנע — ווי טיף דו ליגסט אין מיין זכרון. פיל יארן זענען פארלאפן, נאר מיין קינדהייט שטייט מיר שטענדיק פאר מיינע אויגן.

איך זע מיין שול, מיין יידישע, טייערע פאלקס־שול, מיט אירע טייערע, ביז היינט, לערער. איך זע ווי א לע־בעדיקן דעם לערער באסקין ביי זיין אריינקומען אין אונדזער קלאס: די הענט אהינטער, פלעגט ער בלייבן שטיין אין טיר און געדולדיק ווארטן ביז די קינדער פלע־גן פארנעמען זייערע פארטעס, דער הויכער, שיינער מאן מיט אפענע בלויע אויגן, מיטן שטענדיקן ליבן שמייכל, גוטסקייט און צערטלעכקייט פלעגט שטראַלן פון אים צו יעדן קינד. מיר, שילער פון קלאס, פלעגן אים באגריסן פון גאנצן הארצן מיט אונדזער קינדערישן „גוט מארגן לערער״.

כ׳דערמאן מיך די העברעאישע לעקציע מיטן לערער בער קאזליניער; די לערערין עטינגער (דעם לערער באסקינס פרוי); די לערערין סאבאל; דעם לערער מא־דייסקי און נאך און נאך אנדערע. א, ווו זענט איר טייע־רע דערציער מיינע? ווי מיר בענקט זיך נאך יענע יארן, יענע טעג!! וויפל פרייד מיר האבן דאן געהאט און איבערגעלעבט.

פאר מיינע אויגן דער חנוכה־אוונט, אין וועלכן איך האב אויך אנטייל גענומען. דער קינדער־כאר זינגט

יידישע הארציקע לידער. עס דיריגירט דער לערער אלעקסאנדער מארקאוויטש. דער זאל איז געפאקט פון עלטערן אן פריינד. כ׳דערמאן מיך די פארשטעלונגען פון די עלטערע שילער: לאה חדקל אין דער ראל פון דער מאמען אין דער פארשטעלונג „דאס שניי מיידעלע”; שרהלע ביילין — דאס שניי־מיידעלע; סאניע גוזיקאוו אין דער פארשטעלונג „דאס פארבלאנדזשעטע מיידעלע” אין דער ראל פן מלך און לינע דאגאוויטש — די רוסאלקע מיט די לאנגע פלאקסענע האָר. זי האט אונדז נאך דאן פארלאזן און איז אוועק קיין רוסלאנד. כ׳הער דאס ליד „העמערל, העמערל קלאפ”, געזונגען און געשפילט פון דוד סקיבין.

כ׳זע מיין ברודער נח דרויער אין דעם „שניימענטש”. כ׳הער דייטלעך די דעקלאמאציע „חנוכה, ווידער ברענט דאס אלטע לעמפל”, אויסגעפירט דרך חנה שמושקאוויטש; מוסיע קלאט און נאך און נאך אנדערע טייערע קינדער, אייביק איינגעבאקענע אין מיין הארץ — קינדער פון דער יידישער פאלקס־שול!

און נאך זע איך פאר מיינע אויגן: בעת דער הפסקה די טאנצנדיקע פאניע פינקעלמאן מיט צביה לאפיד, מיט אירע קליינע פארפלאכטענע צעפעלעך.

די פרייד און דאס גליק פון יענע טעג איז נישט צו פארגעסן. כ׳זע מיינע שכנים, די שול־חברטעס: מאניע גילדין, רייזעלע צירלין. ווו זענט איר איצט אלע? מאמעס און באבעס די, וועלכע לעבן — זאלן לאנג לעבן און גליקלעך זיין! און די, וועלכע זענען פון אונדז אוועק, אדער פארשניטן געווארן — לאמיר זיי אייביק געדענקען!

כ׳דערמאן זיך: א ליכטיקער, זוניקער ל״ג בעומר־טאג די גאנצע שול שפרייזט אין וואלד פריילעך און לוסטיק. מיט אונדז דער לערער באסקין, לערער קאזליניער. מיר פרייען זיך און געניסן פון דער שמעקנדיקער וואלדלופט. די קינדער זינגען. חנה שמושקאוויטש זינגט דאס ליד „אין חדר”. אזוי זינגענדיק און שפילנדיק איז געקומען דער פארנאכט און מיר קלייבן זיך צוריק. קומענדיק אין שטאט אריין דערפילן מיר עפעס אן אומרואיקייט. די לערער נעמען צוזאמען די קינדער און מיר שטעלן זיך אָפּ ביים אריינפאר־הויז פון דער משפחה רופפא. פון דארטן לאזט מען אונדז פונאנדער. מיר דערוויסן זיך, אז ביי דארע ניישטאט איז געשטארבן די מוטער אין דער צייט, ווען מיר זענען געווען אין וואלד. א גרויסער אומגליק האט געטראפן דער משפחה. ס׳זענען געבליבן 4 מיידעלעך און דאס קלענסטע, פייעלע, 4 יאר אַלט.

כ׳דערמאן זיך אן דעם עלטערן־קאמיטעט: אברהם־בער קאץ, גריינימאן, חנין, שמושקאוויטש, רופפא, פינקעלמאן, שושקאוויטש, לקח. וויפל מי, הארציקייט, ליבע און איבערגעבנקייט פאר די קינדער פון דער יידישער שול האבן אריינגעלייגט אונדזערע טייערע, נישט פארגעסענע עלטערן. ווו זענט איר אלע? טייערע קינדער, טייערע עלטערן, קרובים אן פריינד, ווו זענען אייערע ביינער פארוואָרפן געווארן ווו איז אייער ברודער־קבר? אין וועלכן אויוון זענט איר פארגאזט געווארן? ווו איז אייער הייליקע אש פארשפרייט געווארן? אייביק זאל בלייבן אין אונדזער זכרון דער הייליקער אנדענק פון די פארשניטענע. אייביק וועלן מיר געדענקען אונדזערע טייערע קדושים פון אונדזער טייערער שטאט דיסנע.

## זאב גורביץ: **זה לא היה מזמן**

מוסד לחנוך תיכון הוקם בדיסנה עוד בימי הצאר. כבר אז כשדיסנה היתה חלק מרוסיה הלבנה היתה בה גימנסיה רוסית. בשנת 1921, שנים אחדות לאחר הספוח לפולין, נוסדה בה גם גימנסיה פולנית. בראשיתה שכנה הגימנסיה בבנין ה„קזנצייסטבו” אך לאחר זמן קצר גדלה ועברה לבנין ליד הדווינה ששמש פעם בית סוהר. מקום זה התאים היטב לתפקידו. היו בו אולם לספורט, מגרש לספורט ובנינים קטנים למעבדות

לפיסיקה, כימיה וביאולוגיה. בקורטוריום בוילנה נחשבה הגימנסיה שלנו לאחת הטובות במדינה.

בראשית ימיה של הגימנסיה למד בה מורה יהודי אחד, ארם דיטריך מגליציה. אחר כך הצטרפה לסגל העובדים גם מאשה אשתו ואחריהם סופרין. היחס של המורים לתלמידים היהודים היה הוגן, להוציא מורה אחד לשפה הפולנית. אותו מורה, שספרו עליו כי היה יהודי מומר, השאיר בשנת 1926 כמעט את כל תלמידי הכתה הששית לשנה נוספת. במעשהו בלט המניע האנטישמי והדבר גרם לכך, שתלמידים רבים עזבו את הגימנסיה.

התלמידים הפולנים היו ברובם בני עשירים ויחסם לתלמידים היהודים היה נאות. בכתות הגבוהות אף נסתייעו בתלמידים היהודים בלימודיהם. תלמידים יהודים נטלו חלק בכל חוגי הלמוד שהיו ליד הגימנסיה, בתזמורת כלי הנשיפה ובקבוצת הכדורגל שבראשה עמד אייבה קופרמן.

בחינות הבגרות הראשונות התקיימו בשנת 1926. רוב מסיימי הגימנסיה היהודים המשיכו בלימודיהם באוניברסיטה בוילנה. הם היו שם רבים למדי, ו„החוג הדיסנאי" שיסדו סיע לסטודנטים עניים. מסיימי האוניברסיטה בעקר במקצועות ההוראה והמשפט, התקשו בהשגת עבודה בשל המגמה האנטישמית של השלטון. היו שלא הסתדרו בעבודה, ממש עד פרוץ המלחמה בשנת 1939.

בשבע עשרה לספטמבר שנת 1939 נכנס הצבא הסוביטי לדיסנה. אותה שעה עדיין הייתי חיל בצבא הפולני, וישבתי במחנה שבויים סמוך לקליגה. שוחררתי בראשון לנובמבר ושבתי לדיסנה. מיד בביאי קבלתי משרת מורה לפיסיקה ולמתימטיקה בגימנסיה. הצטרפתי בכך לחברי לעבודה מכבר והם ארם דיטריך ואשתו, סופרין, זלדה ויגדרהויז, סיאמה וסוניה שולירנוב ואברהם יפה.

חצי שנה ראשונה היתה שפת הלימוד פולנית, אחר כך ביאלורוסית, ולבסוף רוסית. תלמידים יהודים רבים זרמו עתה לגימנסיה, ואפשר היה לחוש בשנוי שהתחולל בקרב הנוער היהודי. הדבר נכר היטב בכתות הגבוהות. אני זוכר קבוצות נערות מחוננות ובהן בנותיהן של אלכסנדר גופונג, של לייזר ביילין, של משה קופרמן והבת המאומצת של הגברת פסמן. אלה הצטיינו גם בלמודים גם בחיים החברותיים. מלבדן היו עוד נערים ונערות בעלי כשרון ותשוקה עזה ללמודים.

לדאבון לב נספו כלם בידי המרצחים הגרמנים.

בשלטון הסוביטים נוסד גם בית ספר תיכון ערב. מנהלו היה מאיר טומרקין, ולמדו בו המבוגרים שבין הנערים שלא יכלו ללמוד בגמנסיה.

למרות שדיסנה היתה עירת גבול, היו בה חיי חברה מפותחים למדי. חלק גדול מן הנוער היה מאורגן בארגונים שונים, ציונים בעקר. היתה תזמורת כלי־מיתר בנצוחו של אלכסנדר גופונג, ולהקת תיאטרון שהשתמידה בהופעותיה. שני מוסדות אלה נסו להמשיך בפעילותם גם במשטר הסוביטי אך הדבר היה קשה. בתחילה אמנם נדמה היה כי ליהודים ייטב במשטר החדש, אך התקוות נתבדו. הקשיים בשלטון החדש היו חמורים מאד. סוחרים יהודים נאלצו לחסל את חנויותיהם ולהכשיר את עצמם לעיסוקים אחרים וגם בעלי המלאכה האחרים לא שפר חלקם. אלה אורגנו ב„ארטלים" ובשל המחסור בחמרי גלם היו לעתים קרובות בטלים מעבודה. האוכלוסיה היהודית התרוששה במהירות והצרכים החמריים עמדו במרכז ההתענינות. לסבל רב גרמו גם פעולותיה של המשטרה החשאית הנ.ק.ו.ד. שפעלה בעזרת מלשינים והביאה להגליתן של משפחות חפות מכל פשע.

גרמו הצרות ובהתקרב הפלישה הגרמנית היו שאמרו: כי מוטב אלה מן הקומוניסטים. הם לא שערו כלל מה צפוי להם מבכורי השטן הגרמנים ומעוזריהם.

בעשרים וחמשה ליוני שנת 1941 חזרתי מבקור בן עשרה ימים בוילנה, ומצאתי את יהודי דיסנה אחוזים בהלה בשל הכבוש הגרמני הצפוי. הבהלה גדלה למחרת היום כשנתברר שמשרדי השלטון פונו ברבם. נשארה מפקדת המשטרה האזרחית. זו היתה ממונה בין היתר על מתן רשיונות לעבור את הגבול והמשיכה לדקדק בדבר כתמיד. רבים נוספים היו בודאי בורחים אלו קבלו רשיונות מעבר. הבורחים נעו אל מעבר לדיסנקה ולדווינה. ברחו בעקר צעירים ואלה שהיו ברשותם סוס ועגלה אם משל עצמם ואם משל הממשלה. בין הנשארים גדלו הדאגה והמבוכה. קשה היה לאנשים לנטוש את רכושם שעשו בעמל שנים רבות. סמוך לשעה שתים אחר הצהרים, הגיע א. יפה בריצה לביתנו והודיע לי מבעד לחלון שקבוצתנו כבר יצאה את העיר. יצאתי אחריו בנגוד לדעת משפחתי. פנינו לעבר פולוצק ובקושי השגנו קבוצת מורים

והצטרפנו אליהם. בקבוצה היו ארם ואשתו, סופרין, פ. יודין, רוזה יודין, לוסיה יודין, מרי קליף וגורביץ. אחר כך הצטרפה לקבוצתנו גם חנה צרטנובסקה. הדרכים היו מלאות בורחים. היו שבאו מדיסנה והיו גם מן העירות הסמוכות. בערב השיגונו קולות הנפץ מהרעשת העיר. את ראשית דרכנו עשינו ברגל, אחר כך עלינו ברכבת משא ללנינגרד. זו הופצצה בדרכה פעמים אחדות. בדרך פגשנו את ד״ר לאסט ואת סוניה שולמן ורבים אחרים. בסביבות סטלינגרד השגנו עבודה כמורים בקולחוזים וסובחוזים. בקרב הימים גויסו כל הגברים לצבא הסו־ביטי. מקבוצתנו נספו ארם המורה הנחמד שלנו וכן סופרין. האחרים חיים, מי במדינה זו ומי באחרת. אחדים גם הגיעו לישראל והתחילו בה את חייהם מחדש.

## נורמן איזנברג: **זכרונות**

חייתי בדיסנה בשנים 1909 — 1928, כל ימי נעורי. העיר עיר יפה היתה. שני הנהרות, הדיסנקה מצד אחד והדווינה מצד שני, הוסיפו לה לוית חן ושני גשרי הברזל, שהיו מודרנים באותם ימים, הקנו לה מראה גאיוני.

בתי דיסנה מפוזרים היו על שטח גדול. להוסיף את הפרברים זדישנקה וזדווינה, את שטח „התכנית החד־שה״, את דורושקביץ ואת אחוזתו של קופולוב, היתה דיסנה למעשה עיר. צביון של עיר הקנו לה גם רחובו־תיה הרחבים, הגנים הצבוריים, הבנינים הגדולים, בית הכנסת הגדול והכנסיות להבדיל. רוב העיירות שבסבי־בה, כמו לושקי ודונילאביץ׳, פוהוסט וסרקישצ׳ינה, ז׳בקי וגלובוקה, לא הגיעו לכלל זה. אף לא דרויה. בשום פנים לא יכלו הללו להתחרות בכך בדיסנה. במלחמת העולם הראשונה נגזרה זדווינה מן העיר. הדווינה, הפכה גבול בין רוסיה לפולין, והגשר שעל הנהר פוצץ. קרובי משפחה שהתגוררו בשני עברי הנהר נמצאו לפתע מנו־תקים זה מזה. כך אבדה לדיסנה שכונה בעלת רחוב ארוך, שהתגוררו בה יהודים מדלת העם. עם ניתוק זדווינה נותקה דיסנה מתחנת הרכבת שהיתה בבורקוביץ במרחק של כשנים עשר ויורסט. נותקה גם העיירה פולוצק, הגדולה בעיירות הסביבה ומרכז של מסחר. יהודי דיסנה הרבו לנסוע שמה לרגלי מסחרם.

גם מלחמת 1812 לא פסחה על דיסנה. בספרו הגדול של טולסטוי „מלחמה ושלום״ מסופר, כי צבאו של הצאר שנסוג מוילנה בלחצו הכבד של צבא נפוליאון, הקים את מפקדתו הראשית ליד צריסה, עיירה סמוכה לדיסנה.

היהודים היוו בדיסנה קרוב לתשעים אחוז מאוכלו־סייתה. בחלקם היו בני המעמד הבינוני, סוחרים וחנונים ובחלקם בעלי מלאכה דלים, מנפצי פשתן ועגלונים, רוכלים שחזרו בכפרים ומלמדים, שמשים ובעלי „מק־צועות״ כיוצא בהם. יהודי דיסנה נמנו עם החסידים. בשבתות וימים טובים שבתה העיר ממלאכה ורוב בניה נתכנסו בבתי הכנסת.

חיי התרבות היו מפותחים למדי. היו בעיר גימנסיה ובית ספר עירוני ואחריהם נוספו גימנסיה פולנית, בית ספר עממי פולני ובית ספר עממי יהודי. כן היו בעיר ספריה גדולה, להקה של תיאטרון, חוג למוסיקה וקבו־צת כדורגל. חוץ לזה היה גדול מספר הלמדנים, שהיו בקיאים במכמני התלמוד.

להתעוררות רבה בחיי החברה והתרבות בעיר גרמה הציונות המדינית. זו עלתה על הבמה בראשית שנות העשרים ובמהרה פשטו בעיר רעיונותיהם של משה הס ואחד העם, פינסקר ולילינבלום, א. ד. גורדון, י. ח. ברנר ורבים אחרים. לא עבר זמן רב וקבוצה ראשונה של חלוצים מבני דיסנה כבר היתה בדרכה לארץ. בעיר צצו ארגונים ציונים, כמו „החלוץ הצעיר״ ופריהייט״ „השומר הצעיר״, „גורדוניה״ ו„ביתר״. תכופות הת־ברובם לארגונים השונים, מי לזה ומי לאחר. התמורה חלה תוך פרק זמן קצר ודומה היה, שהעיר שינתה לפתע את עורה והפכה לעיר חדשה.

קיימו הרצאות וערבי קריאה ובני הנעורים הצטרפו

הוכוחים הרבים והנלהבים והתקוות לעתיד טוב יותר בארץ ישראל (על מדינה עוד לא חלמו) הצמיחו כנפים לבני הנעורים. העיר כאילו נעשתה צעירה משהיתה. רבים יצאו לקבוצי „הכשרה" ואף המשיכו דרכם לארץ ישראל. את יצר היציאה מן הארץ הגבירו ממשלת פו־לין הריאקציונית ומפלגת האנדקים האנטישמית. חוצ־פתה של המפלגה ותעלוליה גברו והלכו וגרבסקי, שר האוצר בממשלת פולין, טרח לשדוד מן היהודים את הונם ומאודם. במסים כבדים ערער את מצבם לחלוטין. גם בדיסנה חשו במעשיו וטבעי היה זה שהנוער יחפש מוצא מן המצב. המוצא האחד היה ארץ ישראל. מוצא זה טוב היה לצעירים בלבד. קשישים לא היה בידם אלא להמשיך בחייהם באוירה האנטישמית הקשה שנוצ־רה. אני כבר הייתי באותם ימים חבר קבוץ בארץ ישר־אל.

כשנתפרסם דבר הברית המבישה בין היטלר לסטא־לין והגרמנים פרצו לפולין באש ובחרב ,עברה דיסנה לשלטונו של הצבא הרוסי, שכבש את כל סביבותיה של וילנא. איש עדיין לא תאר לו, כי אין בכך אלא הפוגה קצרה וכי במהרה יפתחו הגרמנים בגדולה שבמלחמות וברצחנית שבהן. אכזריותם היתה מופנית אף לאוכלוסיה האזרחית ובעיקר לאוכלוסיה היהודית. כתוצאה מכך אבד שליש מן העם היהודי.

הברית בין שני „התלינים הידידים" לא האריכה, כאמור, ימים. הגרמנים התנפלו על „ידידם" דרך פתע והצבא הרוסי נמחץ ונסוג לשערי מוסקוה וסטלינגרד. דיסנה נלכדה בכפו של הרוצח האכזר.

האוירה בארץ ישראל נעשתה מתוחה. הכל ללא יוצא מן הכלל עקבו במתיחות רבה אחר כל ידיעה שהרדיו מסר. החלו מגיעות ידיעות על מעשי האכזריות הנוראים של הנבלים הגרמנים באוכלוסיה היהודית שבערים וב־עיירות בפולין, ליטא, רוסיה הלבנה ואוקראינה. הידי־עות באו מקוטעות, קצרות ולא ברורות. מקורן היה הצבא הרוסי הנסוג, שעמד במלחמה כבדה בחיה הנא־צית. פה ושם נמצאו אנשים, שפקפקו באמתותן, משום שנראו כבלתי ניתנות להאמן. רק לאחר שנים, כשחית הטרף הרעה רבצה דרוסה בין חורבותיה של ברלין, שמעתי מפי שני אחי מה שהתרחש בפולין ובחלקה הכבוש של רוסיה. הם סיפרו על ימיה האחרונים של דיסנה, כפי ששמעו מפי עדי ראיה שאך במקרה נשארו בחיים. רק עתה התחלנו להבין, כי כל השמועות הרעות שהגיעו לנו, היו כאין וכאפס כנגד האמת המרה והאכ־זרית.

אותה שעה הייתי חייל בצבא הבריטי, מתנדב מארץ ישראל. העולם כולו עמד במלחמה בשונא שדרס את אירופה, התקרב לשערי מצרים ואיים להשקיע את העולם בתהום אפלה. לא היה טעם לשבת באפס מעשה ולהמתין לרוצח שיבוא לשוחטנו ככל שעשה לנו באי־רופה.

בדיסנה ביום הרצח אבדו לי אמי, אחיותי ומשפחו־תיהן, אחי ומשפחתו, דודי ודודותי, בניהם ומשפחותיהם. דיסנה אבדה יחד עם היקרים לנו מכל. יהודי דיסנה, כשאר מיליוני קרבנות היהודים, מסרו את חייהם הטהו־רים על קידוש השם ועל נצחו וצדקתו של העתיק בע־מים, מורה המוסר והצדק לגדולות בדתות העולם. זכר יהודי דיסנה ישאר לעד ויוסיף דף נכבד ועצוב לתולדות קידוש השם בישראל. מקודש יהיה זכרם כזכר מקדשי השם באינקויזיציה בספרד, במסעי הצלב ובפוגרומים של הצאר. כמו אלה שקדמו להם, כך גם הם נפלו על רצונם להיות יהודים ולחיות בדרך שהיא מסורת בי־דיהם מאבותיהם. הצבע מאוסטריה קטן־המוחין והמטו־רף שפרש את תכניותיו ב„מיין קאמף" לא שמע מעולם על „עם ישראל חי" ועל „לא אמות כי אחיה". הוא לא למד לקחיהם של עמים שהיו ואינם. הרוצחים! הם לא חשבו שיהודי דיסנה, בטרם יוציאו את נשמותיהם, ירקו בבוז בפניהם הרצחניות ובקללה על שפתיהם ינבאו להם את סופם הקרוב.

יהודי דיסנה גבורי ימינו, ניניהם של הגבורים מימות עולם, השאירו אחריהם אזהרה חמורה לכל שונאי ישראל — סופכם יהיה כסופו של הקורפורל הקטן מגרמניה וכסופו של הצאר הגדול ברוסיה. ולעם הגרמני הטמא השאירו בפינו את צואתם לאמור: ארו־רים תהיו לדורי דורות. ימח שמכם וזכרכם לעדי עד. אמן.

# נאָרמאַ ווייזנבערג: **ערינערונגען**

איך האָב געלעבט אין דיסנע צווישן 1909 — 1928, אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצע תקופה. דאָס זענען געווען פאַקטיש מיינע יוגנט־יאָרן און די תקופה, ווען קיינער האָט אַפילו נישט געחלומט וועגן דעם גרויסן חורבן, וואָס איז געקומען מיט פיל יאָרן שפּעטער.

דורך די אַלע יאָרן, וואַנדערנדיק איבער שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און לעבנדיק אין פאַרשיידענע מדינות און יבשות, אין משך פון אַ לאַנגער תקופה, גיט אונז, אַזוי צו זאָגן, אַ היסטאָרישן בליק אין דער פאַרגאַנגענהייט און ערמעגליכט אַ פאַרגלייך צווישן דער שטעטל דיסנע פון אַ מאָל אין באַצוג צו אַנדערע שטעטלעך פון זעלבן פאַרנעם און גרויס אין דעם דאַמאָלסטיקן רעאַקציאָנערן פּוילן.

מאַכנדיק אַ פּאַרזוך צו שרייבן זכרונות פון דיסנע מוז מען זיין ווי ווייט מעגלעך אָביעקטיוו און נישט צו פיל „פּאַטריאָטיש", ווייל אַנדערש וועט דאָס בילד נישט אַרויסקומען גאַנץ און ריכטיק.

אויף וויפיל מיר זיינען אומשטאַנד היינט צו טאָג צו באַגרייפן און פאַרגלייכן זאַכן, איז דיסנע געווען „געאָגראַפיש" זייער שיין אויסגעלייגט. די צוויי טייכן: די דיסענקע פון איין זייט און די דווינע פון דער אַנדער זייט שטעטל, האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן און די גרויסע, פאַר יענער צייט, מאָדערנע אייזערנע בריקן — אַ באַזונדערן שטאָלץ.

דיסנע איז געווען צובויט אויף אַ גאָר גרויסן שטח און אַריינרעכנדיק די צוויי פאַרשטעטלעך: זאַדיסענקע און זאַדווינע, ווי אויך דעם באַלאַגאַן, דעם נייעם פּלאַן, דאַראַשקעוויטש און קאַפּאַלאַווס הויף — איז דיסנע פּאַקטיש געווען אַ שטאָט. אויך די סטרוקטור פון אירע הויפּט־גאַסן און די בולווארן, די גרעסערע און שענערע געביידעס, די גרויסע שול און להבדיל די צערקווע און די קאַטוילישע קירכע — האָבן אויסגעזען מער שטאָטיש. די מערסטע שטעטלעך און שטעט פון דער אומגעגנט האָבן זיך פאַר קיין פאַל נישט געקענט פאַרגלייכן אין הינזיכט פון שטאָטישער סטרוקטור מיט דיסנע.

ווי באַוווּסט איז איינע פון די דיסנער פאַרשטעט געווען זאַדווינע, וואָס איז געווען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה אַן אינטעגראַלער טייל פון דער שטאָט און פיל פאַמיליעס און זייערע קרובים האָבן געלעבט פון ביידע זייטן פון דער דווינע. זי איז געוואָרן אָפּגעריסן פון דיסנע צוליב דעם, וואָס די דווינע איז געוואָרן די נייע גרענעץ־ליניע צווישן רוסלאַנד און פּוילן.

פון די נישט צו פיל זאַכן, וואָס ס'געדענקט זיך פון זאַדווינע — איז די איינציקע לאַנגע גאַס, לענג אויס דער דווינע, מיט די הילצערנע הייזער און די שווער פאַרהאָרעוועטע יידן, וועלכע האָבן דאָרט געלעבט, ווי אויך די גרויסע צערקווע אויף ענדע פון דער גאַס. אַ פּאָר וויאָרסט ווייטער: דער גרויסער קאַמענער הויף און די געדיכטע וועלדער גלייך הינטער קאַמענקי, ווו מיר פלעגן גיין אין די זומערדיקע פרימאָרגנס קלייבן שוואַרצע יאַגדעס, פּאַזימקעס, ברושניצעס און שוועמלעך. אַרום צוועלף וויאָרסט פון זאַדווינע איז געווען אַ קליין שטעטל באַרקאָוויטש, ווו ס'האָט זיך געפונען די נאָענטסטע באַן־סטאַציע פון דיסנע.

אַ פּאָר צענדליק וויאָרסט ווייטער איז געווען די שטאָט פּאָלאָצק, וואָס איז געווען אין יענער צייט די נאָענטסטע גרעסערע שטאָט און האַנדלס־צענטער. און פיל דיסנער איינוווינער פלעגן פאָרן אַהין גאַנץ אָפט צוליב זייערע געשעפטן.

דאָס אַלץ איז געוואָרן אָפּגעשניטן פון דיסנע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און די גרויסע בריק איבער דער דווינע איז אויפגעריסן געוואָרן. אָבער טראָץ דעם פאַרלוסט פון „טעריטאָריע", און טראָץ דעם, וואָס דיסנע איז פאַקטיש געוואָרן אָפּגעריסן פון אַ באַן־סטאַציע גאַנצע 35 וויאָרסט (אין זיאַבקי), איז זי דאָך געווען און פאַרבליבן אַן אויעזדנע, אָדער פּאָוויאַטאָווע שטאָט.

אויך איז דיסנער געגנט פאַרבונדן מיט אַ גרויסן היסטאָרישן פאַקט: דריסע וואָס געפינט זיך אַ פּאָר צענדליק וויאָרסט פון דיסנע, אויף יענער זייט דווינע, האָט געהערט פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה צו

דיסנער געגנט, ווערט דערמאָנט אייניקע מאָל אין לעוו טאָלסטאָי׳ס גרויסן ווערק „מלחמה און שלום״. ווען די צארישע ארמייען זענען אפּגעטראָטן פון ווילנע אונטערן שווערן דרוק פון נאַפּאָלעאָנס ארמיי אין 1812, האָט די רוסישע ארמיי אריבערגעפירט איר הויפּט־קוואַרטיר אין דריסער אומגעגנט, וואָס האָט דאַמאָלסט געהערט צו דיסנער אומגעגנט. אזוי ארום האָט דיסנער געגנט פארזוכט דעם טעם פון דער היסטאָרישער מלחמה. אויפן זאמד, זאַדיסיענקע, האָבן זיך געפונען קברים פון די געפאַלענע אין דעם קריג.

דיסנע איז פאַקטיש נישט געווען אנטוויקלט אינ־דוסטריעל. קיין שום פאַבריקן, האָבן נישט עק־זיסטירט און דעריבער איז א קלאַסן־באַוווסט־זיניקער עלעמענט כמעט נישט געווען בנמצא אין דיס־נע. די יידישע באַפעלקערונג, וואָס איז ווארשיינלעך געווען צווישן 85—90 פּראָצענט, זיינען טיילווייז געווען מיטל־קלאַס מענטשן: סוחרים און קרעמערס, בעלי־מלאכות און טיילווייז ווייניקער פארמעגלעכע און גאַנץ אָרעמע, ווי: פלאַקס־ארבעטער (טרעפּלער), פורמאַנעס, קאַראַבעלניקעס, וועלכע פלעגן פארן איבער די דער־פער האַנדלען, מלמדים, שמשים און אַנדערע „פּאַכן״. די דיסנער יידן זענען געווען ליובאַוויטשער חסידים. אין שבתים און יום־טובים ־ ־ זענען די געשעפטן און אונטערנעמונגען געווען געשלאָסן און דער גרעסטער טייל יידן איז געגאַנגען אין שול דאַווענען.

דיסנע האָט פארמאָגט 8 שולן און אַלע האָבן גע־הייסן מיט נעמען: געצלס שול, די גרויסע שול, די סווינסקער שול, די באַד־שול, די פלאַן־שול, די זאַדי־סענקער שולן, די קצב׳ישע שול.

אויפן קולטורעלן געביט איז דיסנע געווען גאַנץ גוט אַנטוויקלט. ס׳איז געווען א גימנאַזיע (א פּוילישע), א פּוילישע פאָלקס־שול, א יידישע פאָלקס־שול, א תלמוד תורה, א גאַנץ גרויסע יידישע ביבליאָטעק און אַ היבש ביסל למדנים און גמרא־יידן. ס׳האָט אויך עקזיסטירט א ליבהאָבער טעאַטער־טרופּע, ווי אויך מוזיקאַלישע און ספּאָרט גרופּן.

א ראַדיקאַלע ענדערונג און א גרויסער שפּאַן פאָ־רויס, סיי אויפן קולטורעלן און סיי אויפן סאָציאַלן געביט, איז געקומען אין דיסנע אין די אָנהויב צוואַנ־ציקער יאָרן, ווען דער פּאָליטישער ציוניזם האָט זיך באַוויזן אויף דער דיסנער אַרענע. אין א קורצער צייט אַרום איז די ערשטע גרופּע חלוצים פון דיסנע שוין געווען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

פיל יוגנטלעכע האָבן אָנגעהויבן לערנען פאַכן, כדי צו זיין גרייט, ווען די צייט וועט קומען, צו פאָרן קיין „פּאַלעסטינע״. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען ציו־ניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי: „החלוץ־הצעיר״, „פרייהייט״, „השומר הצעיר״, „גורדוניה״, „בית״ר״. ס׳זענען פאָרגעקומען אָפטע רעפעראַטן און פּאַרלעזונגען, ווי אויך לעבעדיקע צייטונגען. דער גרעס־טער טייל פון דער דיסנער יוגנט איז געווען אַקטיוו און באַלאַנגט צו איינער פון די אָרגאַניזאַציעס. אַזעלכע דערשיינונגען האָט מען ביז דאַן קיין מאָל נישט געזען אין דיסנע. נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין שטאָט.

די אומאויפהערלעכע און הייסע דעבאַטעס צווישן דער יוגנט וועגן די נייע פּערספּעקטיוון און האָפנונגען פאַר א בעסערער צוקונפט אין אייגענעם יידישן לאַנד (וועגן מדינת־ישראל האָט נאָך דאַן קיינער נישט גע־חלומט) האָט דאַמאָלסט באַפליגלט א גרויסע צאָל פון דער יוגנט, וואָס האָט אין צווישן צייט באַוויזן דורכ־צומאַכן הכשרה־קיבוצים און איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

דיסנע איז געוואָרן מער לעבעדיק און יינגער, זינט די אַקטיווע ציוניסטישע באַוועגונג איז אויפגעקומען. פיל האָט פאַראורזאַכט צו דעם די רעאַקציאָנערע פּוי־לישע רעגירונג און די אַנטיסעמיטישע ענדעקישע פּאַרטיי, וואָס איז געוואָרן וואָס אַמאָל חוצפּה׳דיקער און עקלהאַפטער און אויך „גראַבסקיס עגלה״, ד. ה. דער דאַמאָלסטיקער פינאַנס־מיניסטער גראַבסקי, וועלכער פלעגט גאַנץ איינפאַך אוועקרויבן פון די יידן זייער האָב און גוטס כלומרשט פאַר שטייערן און פלעגט אַזוי אַרום אינגאַנצן רואינירן די יידישע באַפעלקערונג. אויך אין דיסנע האָט מען דאָס געפילט זייער גוט. די דיסנער יוגנט האָט אָנגעהויבן זוכן אַן אויסוועג פון דער לאַגע. דער איינציקער אויסוועג איז געווען ארץ־ישראל. אָבער די נייע אידעאַלן זיינען געווען נאָר פאַר דער יוגנט. די מיטל־יאַריקע און עלטערע יידישע באַפעלקערונג איז געווען איינגעזעסן און איינגעפונדעוועט אין דיסנע, האָט אַפילו נישט געקענט קלערן וועגן עמיגרירן. זיי האָבן

פארגעזעצט זייער לעבן אונטער שווערע באדינגונגען אין דער אנטיסעמיטישער אטמאספער.

איך בין שוין צו יענער צייט געווען אין ארץ־ישראל א חבר אין א קיבוץ. ווען די ערשטע נייעס אין יאר 1933 וועגן דעם וואס קומט פאר אין דייטשלאנד און וועגן אויפקום פון עפעס א היטלער האט דערגרייכט צו אונז אין לאנד, האבן, גלויב איך, די מערסטע מענטשן זיך געפילט פארזארגט און אומהיימלעך. לייענענדיק און נאכפאלגנדיק די לעצטע באריכטן און די שיינע „פלענער" פון „מיין קאמף", איז יעדער איינער געווען שטארק פארזארגט וועגן זיינע נאענטסטע, וואס ער האט איבערגעלאזן אין אייראפע און ספעציעל אין פוילן, וואס איז דאמאלסט געווען איינער פון די גרעסטע און אנטוויקלסטע יידישע ישובים און נאענטסטער שכן צו דייטשלאנד.

ווען ס'איז פראקלאמירט געווארן דער שענדלעכער אפמאך צווישן היטלערן און סטאלינען און די ערשטע באמבעס האבן אנגעהויבן אויפרייסן איבער ווארשע און די דייטשע הארדעס האבן זיך א לאז געטאן מיט פייער און שווערד איבער פוילן, איז דיסנע ווידער ארונטערגעפאלן אונטערן רוסישן מיליטער, וואס האט פארנומען די גאנצע ווילנער געגנט מיט ווילנע בראש. דאס איז געטאן געווארן, ווי ס'האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, לויטן דערמאנטן שענדלעכן היטלער־סטאלין־אפמאך. די קאמוניקאציע צווישן דיסנע און דער אויסערלעכער וועלט האט זיך באלד איינגאנצן אפגעשטעלט. קיינער האט זיך דאמאלסט נישט געקענט פארשטעלן, אז דאס איז בלויז געווען א קורצע און צייטווייליקע הפסקה פאר די דייטשע הארדעס, וואס האבן נאך קורצע צוגרייטונגען אנגעהויבן די גרעסטע און בלויט־דורשטיקע מלחמה פון אלע צייטן מיט די מאדערנסטע אינקוויזיציע מיטלען קעגן דער ציווילער באפעלקערונג און ספעציעל מיט דער גרעסטער אכזריות קעגן דער יידישער, אין וועלכער מיר האבן אלס רעזולטאט פארלארן א דריטל פון אלע יידן אין דער גארער וועלט.

א קורצע צייט נאך דעם בארימטן אפמאך צווישן די צוויי „תלינים־פריינד", איז איינער — דער דייטש, ווי באוווסט, אנגעפאלן אין מיטן דער נאכט אויף זיין „פריינט". און די רוסישע ארמיי איז פאקטיש צעשמעטערט און אפגעווארפן געווארן צו די טויערן פון מאסקווע און סטאלינגראד. דיסנע איז ארונטערגעפאלן אונטער דעם קאלטן און אכזריותדיקן מערדער. די דיסנער יידן האבן אויפגעהערט צו אטעמען. ס'האט זיך געשפירט אין דער לופט, אז אלע אן אויסנאם זענען איינגעשטעלט מיט זייערע לעבנס ממש.

די לופט אין ארץ־ישראל איז געווען עלעקטריזירט. אלע, אן אויסנאם, האבן נאכגעפאלגט מיט דער גרעסטער געשפאנטקייט יעדע אינפארמאציע, וואס דער ראדיא האט געקענט ברענגען. ס'האבן זיך אנגעהויבן דורכצורייסן די ערשטע ידיעות וועגן די גרוילן און אכזריות'דיקע טאטן פון די דייטשע מנוולים קעגן דער יידישער באפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, ליטע, ווייסרוסלאנד און אוקראינע. די ידיעות זענען געקומען אפגעהאקטע, קורצע, נישט קלארע, ווייל דער איינציקער מקור איז געווען די אפטרעטנדיקע רוסישע ארמיי, וואס איז דאמאלסט אליין געשטאנען אין קאמף קעגן דער נאציישער חיה. דא און דארט האבן זיך אויך געפונען מענטשן, וועלכע האבן אנגעהויבן צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון די אלע ידיעות, ווייל ס'איז געווען ממש פאנטאסטיש זיך פארצושטעלן, אז עס איז גאר מעגלעך אזעלכע גרוילטאטן זאלן פארקומען און די „וועלט" קוקט זיך צו און שוויגט.

ערשט מיט יארן שפעטער, ווען די בלוטדורשטיקע חיה איז שוין געלעגן א צושמעטערטע צווישן די חורבות פון בערלין און מיר איז אויסגעקומען צו הערן פון מיינע צוויי ברידער וועגן אלץ וואס ס'איז פארגעקומען אין פוילן, אין דעם טייל אקופירטן רוסלאנד און ספעציעל וועגן די לעצטע טעג פון דיסנע, איבערגעגעבן דורך אן עד ראיה, וועלכער איז נאר דורך א צופאל געבליבן לעבן, ערשט דאמאלסט האבן מיר אלע אנגעהויבן באגרייפן, אז אלץ, וואס מיר האבן געהערט ביז דאן, איז נאר געווען אזוי ווי א קינדער־שפיל אין פארגלייך מיט דער ביטערסטער און אכזריותדיקער ווירקלעכקייט.

ווען ענגלאנד און שפעטער אמעריקע האבן זיך אנגעשלאסן אין קריג קעגן דייטשלאנד, האבן אלע קלאר פארשטאנען, אז דער קאמף פון די נאציס איז אויף לעבן און טויט קעגן דער גאנצער מענטשהייט, וועלכע וואלט אריינגעפאלן אין א פינצטערן אפגרונט פיליכט

פאר די קומענדע טויזנט יאר, ווען דער תליין וואָלט חלילה געווינען.

די טעג זענען דאמאָלסט געווען פינצטערע פאר גאנץ אייראָפּע, וואס איז שוין געלעגן כמעט א צוטרא־טענע אונטער דעם ברוטאלן שטיוול פון די נאציס און אויך פאר ענגלאנד, וואס האט דורכגעמאכט די פינצטערע צייט אין איר געשיכטע און איז אפגערונען אין טייכן בלוט, ווי אויך פאר ארץ־ישראל, וואס האט דורכגעלעבט שווערע צייטן סיי צוליב די אראבישע אנפאלן און ספעציעל פון דעם אנקומענדיקן מערדער־לעכן שונא פון יידישן פאלק, וועלכער האט שוין דער־גרייכט די געגנט פון אל־אלאמין, ביי די טויערן פון מצרים.

איך בין דאן געווען פרייוויליק מאביליזירט אין דער בריטישער ארמיי, וואס איז דאמאלסט געווען אין לאנד, אין קאמף קעגן אלגעמיינעם שונא. ס'האט זיך נישט געזען קיין טעם צו זיצן אוןווארטן ביז די מער־דער וועלן אריינמארשירן אויך דא אין לאנד און אנ־הויב אונדז צו שעכטן נאר צוליב דעם, ווייל מיר זענען יידן. וואס מיר האבן שפעטער מיט יארן געהערט פון דיסנע און וועגן דעם שוידערלעכן אופן ווי אזוי די דיסנער דושים זענען קאלטבלוטיק אויסגעמארדעט געווארן אין איין גרויסן מאסן־קבר אין א העלן פרי־מארגן. צווישן זיי מיין ליבע מוטער, מיינע שוועסטער מיט זייערע פאמיליעס, מיין ברודער און זיין פאמיליע, מיינע אנקלס, מומעס און קוזינס מיט זייערע פאמיליעס.

דאס אלץ האבן מיר דערוואַרט שוין שפעטער צו הערן, ווען ס'איז שוין קלאר געווארן דער גאנצער פארנעם פון אונזער גרויסן חורבן. דיסנע איז געלעגן א צושמעטערטע און חרובע צוזאמען מיט אונדזערע נאענטסטע און טייערסטע דיסנער יידן אלס א טייל פון אונדזערע מיליאנען קרבנות איבער דער גאנצער וועלט. האבן אוועקגעגעבן זייערע ריינע נשמות אויף קידוש השם, כדי צו פארהייליקן און בארעכטיקן דעם גרויסן אומשטערבלעכן און אוראלטן נאמען פון אונדזער יידי־שן פאלק, דער לערער און וועג־ווייזער פון מאראַל און גערעכטיקייט פאר די גרעסטע רעליגיעס אין דער וועלט. די דיסנער יידן וועלן פארבלייבן אויף אייביק און צוגעבן א הערלעכן אן טראגישן בלאט אין דער היסטאָריע פון אונדזערע יידישע מארטירער. זיי וועלן פארהייליקט ווערן צוגלייך מיט די מארטירער פון דער שפאנישער אינקוויזיציע, פון די קרייץ־צוגן, צארישע פאגראמען א.א.וו. זיי זענען אלע אומגעקומען אויף קידוש השם פאר דער זעלבער זאך, פאר וועלן זיין יידן און לעבן זייער אייגענעם יידישן און טראדיציאנעלן לעבן.

## בלה זמירין: עיירתי

דיסנה מטבע בריתה עירה נאה היתה ואהבתיה. אהבתי את היערות העבותים, שהתמשכו הימנה לכל העברים ואהבתי את הגנים שהקיפוה סביב. אהבתיה בחורף כשכוסתה כלה שלג ואהבתיה באביב כשרוחות חמות החלו מנשבות והשלג הפשיר.

בשל המים הרבים היתה אדמת המקום פוריה מאד. כל סביבות העירה מלאו גני פרי וירק ופרחים. גם העירה עצמה טבלה בירק. היו בה שני גני צבור ארוכים. בערבי קיץ ובשבתות מלאו אלה בשאונם העליז של מבוגרים ובני נוער. במה היתה מצויה בקצה הגן והיתה מוארת באורות צבעונים. על הבמה נגנה תזמורת וסביבה רקדו נערים. כך נהגו. יהודי דיסנה חסידים היו והשמחה מצוה היתה להם.

בחורף היתה העירה הופכת לבנה בשלגים הרבים שירדו. כה רבים היו השלגים עד שלפעמים לא הניחו לדלת שתפתח. ילדים לבושים היטב החליקו על הקרח או גלשו במגררות במורד של גבעה. מכל עבר עלתה צהלת שמחה. פה ושם צצו אנשי שלג

שהקימו נערים וליד בתי הספר התנהלו קרבות בכדורי שלג. ראשי הלוחמים היו לבנים משלג ופניהם להטו בחדות הקרב.

באביב נמס השלג והקרח על הנהרות נבקע והתפורר. גושים גושים ממנו נישאו במורד הזרם עד שהנהר טוהר כלו. פעמים שבהפשיר השלגים גאו מי הנהר והציפו את מרביתה של העירה. הבתים עמדו אז במים עד לחלונות ומן הגגות המשופעים שנעשו נמוכים, נזדקרו הארובות כתרנים. אנשים היו משייטים בין הגגות בסירות ובדוברות.

באביב לבשו העצים עלעלים ועצי הפרי שהחלו פורחים, מילאו את האויר בריחם. הצפורים, שנסו מפני קרת החורף, שבו לגניהן ומילאו את האויר בציוץ עליז. ללא שהיות הדביקו סנוניות את קניהן אל חלונות הב־תים.

בבקר בבקר היה נישא קולו של הרועה, שעבר ואסף את פרותיהם של בני העיר להוציאן אל המרעה הדשן. הוא השיבן בערוב היום שבעות ושופעות חלב. בחודש מאי פרחו עצי הלילך וריחם המשכר הציף את כל העיר.

עירתנו, לא בלבד שיפה היתה גם נתברכה בבני הנעורים שבה. הכל השתדלו בלמודיהם, עבדו, סחרו, נגנו בתזמורת או שחקו בתיאטרון. פעמים בשבוע היו מתלקטים מן הכפרים שמסביב גויים רבים שהביאו את יבולם למכירה בשוק. השוקים היו גדולים. אפשר היה להשיג בהם כל שעלה על דעת איש.

עירתי הקטנה, עירתי הנאה ,מה אהבתי אותך. עד מה מיצר אני באבדנך יבין אך זה שהכירך במלוא תפארתך.

לעולם לא אמחל להם לנאצים, לרוצחים, שהרגו את הורי היקרים, את אחי, את אחיותי וילדיהם ומחו את חייה של העירה דיסנה.

## בעלא זמירין : מיין שטעטל

צוויי טייכן : די דווינע און א קליין טייכעלע דיס־יענקא רינגלען ארום דאס שטעטל און בילדן א האלב־אינזל. אין פרילינג, ווען דער טיפער שניי און דער דיקער אייז צעגייען ווערט פארפלייצט דאס שטעטעלע כמעט אינגאנצן און באלד ווערט פון איר א קליין אינ־זל. פיל הייזער באַהאַלטן זיך אונטערן וואסער. דא שטעקט ארויס א קוימען ; דארט קריכט ארויס א זייט פון א דאך, דא ווידער קוקט ארויס א פענצטער, אדער א האלבע טיר. די נידעריקע ערטער זיינען הויך פאר־דעקט מיט וואסער און עס זעט אויס, ווי דער ים וואלט געקומען. ביז דאָס וואסער פאלט אפּ, פארט מען ארום מיט שיפלעך, אדער פאַראָמען.

דיסנע איז פון דער נאטור זייער א שיין שטעטעלע. ארום און ארום ציען זיך לאנגע און געדיכטע וועלדער. זומער־צייט, פארן זון־אויפגאנג, פלעגן זיך לאזן יונגע חברה מיט קערב און קערבלעך אין וואלד אריין קלייבן יאגדעס און שוועמלעך. קומען פרי אין וואלד איז געווען איינגענעם, נאר א ביסל האט געשראקן. די לופט איז דארט קיל און פריש, ס׳אטעמט זיך פריי. ס׳איז פינצ־טערלעך פון די געדיכטע בוימער, וואס ווארפן א שאטן אויפן באדן. ביי יעדן טראט זינקען איין די פיס ביז האלב טיף אין מאָך. יעדעס ארויסגערעדטע ווארט, אדער געשריי הילכט אפּ ווייט און הויך מיט א ציענ־דיקן עכא : א—או, אא—או !

ווען די קערב ווערן פול קערט זיך די חברה פריי־לעכע מיט געזאנג צוריק א היים.

א דאנק דעם פיל וואסער, וואס דאס שטעטל האט, איז דער באדן זייער פרוכטבאר. ס׳זיינען דא פיל סעדער מיט שיינע גערעָטענע פרוכט, א סך גערטנער מיט אלערליי גרינסן. פוןביידע זייטן שטאט ציען זיך צוויי גרויסע פאַרקן מיט פיל בענק לענג־אויס דעם גאנצן פארק. דא פלעגט מען קומען אין די זומערדיקע אָוונטן פארברענגען, שפאַצירן, אָפּרוען זיך פון דער ארבעט, אדער פון דער לערע. שבת פלעגט דער פארק זיין פול

מיט דערוואקסענע און מיט קינדער. אט דארט זיצט אן אַלטיטשקער, אנגעשפּאַרט דאס בערדל אויף ביידע הענט, וועלכע האלטן פאר זיך א דיקן שטעקן און קוקט זיך צו ווי די קינדער לויפן אַהין און צוריק אויף זייערע ראָווערן. ער באַגלייט מיט זיינע גוט־הארציקע אויגן די פּאַרלעך, וואס שפּאצירן פארביי אים, קוקט זיי נאָך, באטראכט זיי און שמייכלט אין זיך אריין. אפשר קלערט ער זיך: אט, אט, גאר נישט לאנג איז עס געווען, ווי ער איז געווען יונג, שפּאצירט, פריילעך געווען, געלאכט, געטאנצט און... אט איז די צייט אריבער.

ביים ענדע פון פּארק איז געווען נישט קיין גרויסע בינע, באלויכטן מיט פיל־פארביקע לאָמפּן. אויף דער בינע האט געשפּילט מוזיק און יונגע חברה — ייִנגלאַך און מיידלאַך — האבן געטאַנצט, פאַרבראַכט און זיך פריילעך געמאכט.

אויפן ברעג, אראָפּ־צו האט געדרוישט די דווינע. ביים ברעג טייך האט מען געקאנט זיצן און רואיק לייענען א בוך, אדער זיך צוהערן ווי דאס וואסער פליסט און קלאפּט אן די ברעגן.

דיסנע האט זיך אויסגעצייכנט מיט איר שיינקייט פון דער נאטור און אויך מיט איר לוסטיקייט פון די חסידים. אין אט דאס חסידיש, שיין און פריילעך שטעט־טעלע בין איך געבאָרן. מיינע קינדער־יארן און אויך א טייל פון מיין יוגנט דארט פארבראכט און איבערגע־לאזן. כ׳האב געלערנט אין דער יידישער פאלקס־שול און שפּעטער אין דער פוילישער גימנאזיע. איך האב ליב געהאט די ימים־טובים מיט זייערע אלע מנהגים. ליב געהאט אלע חסידישע ניגונים. שמחת־תורה פלעג איך שטיין אין שול אויפן באנק מיט א פאָן אין האנט און זיך צוהערן צום געזאנג פון די יידישע בעלי־בתים ביים טראגן די תורה ארום דער קיילעכדיקער בימה. יעדער הויבט אויף די תורה און גיט א קוש דאס ייִדענע מענטעלע אויף דער תורה.

איך האב ליב געהאט דאס שטעטעלע און אלע אירע ענדערונגען פון דער נאטור. ווינטער איז דאס שטע־טעלע געווען איינגאנצן ווייס, באדעקט מיט א הויכן שניי. אפט מאל פאלט אן אזוי הויך שניי, אז מען קאן נישט עפענען די טיר ארויסצוגיין אין דרויסן. מען מוז אפרוימען א וועג צו די הייזער, צו די געשעפטן. די טייכן ווערן פארפרוירן מיט א דיקן, שטארקן אייז. די קינדער, אנגעטאָן ווארעם, גליטשן זיך אויף דעם פאר־פרוירענעם טייך. אויף זייערע שליטלעך לויפן זיי אראפּ דעם בערגל ביז זיי קאטשען זיך אריין אין א קופּע שניי. יונגע חברה אויף קאָנקעס לויפן אראפּ שנעל ביז זיי ווערן פארשווּנדן. פון דערווייטן הערט זיך א געשריי און א געלעכטער פון די גליטשערס. דא און דארט מאכט די יונגווארג שניי־מענטשן; קאטשען צוזאמען גרויסע שניי־קוילן, שטעלן זיי צוזאמען און פאַרפּוצן זיי מיט קוילן און שטעקנס. איבערהויפּט איז פריילעך ביי די שול־קינדער. די שילער האבן באשלאסן מלחמה האלטן צווישן אנאנדער. שניי־קוילן לויפן שנעל אויף לינקס און רעכטס. אלע קעפּ זענען ווייס פון די צוזעצטע שניי־קוילן. די קוילן הערן נישט אויף צו לויפן ביז די קינדער ווערן גוט פארמאטערט און מאכן שלום צווישן זיך.

די ווינטערדיקע נעכט זענען ליכטיקע און פראס־טיקע. אין אזא פראסטיקער נאכט איז זייער אנגענעם צו שפּאצירן. יונגע חברה זעצן זיך אפּטמאל אריין אין א גרויסן שליטן און לאָזן זיך אַוועק ווייט פון שטאט איבערן ווייסן פארפרוירענעם שניי. די קלינגענדיקע גלעקלעך אויפן האלדז פון די פערד פארבינדן זיך מיטן סקריפּען פון די לויפנדיקע פערדס פיס איבער דעם פארפרוירענעם שניי.

ווונדער שיין זעען אויס די ווייסע גאסן אין אזעלכע ווינטערדיקע אוונטן אין דיסנע. א געדיכטער שניי פאלט שטיל אראָפּ פון הימל, באדעקט די פריילעכע, יונגע חברה אין שליטן און אויך דעם פערד.

מיטן אנקומענדיקן פרילינג קומען אויך ווארעמע ווינטן. דער דיקער שניי צוגייט; דער דיקער אייז אויף ביידע טייכן צושפּאלט זיך, קריעס הויבן זיך ארויף אויפן וואסער און שווימען ביסלעכווייז אוועק, ביז דער טייך ווערט אינגאנצן ריין פון דעם אייז. די בוימער לאזן ארויס קנאָספּן און העל גרינע בלעטלעך. די גערט־נער צוזוואקסן זיך; די סעדער בליען און פילן אן די לופט מיט א גוטן און געשמאקן גערוך. די פייגעלעך, וואס זענען אנטלאָפן פונם קאלטן ווינטער, קערן זיך צוריק אין זייער היים און פילן אן די לופט מיט זייער פריילעכן טשעריקען. באלד ווערט אויף גיך פארבויט איבער די פענצטער קליינע נעסטן, פון וועלכע ס׳קוקן ארויס קליינע פייגעלעך. פרי, פרי טראגט זיך פון דער

המחרטה או שהיה נוטל את המקצוע הגדול כאחד מפרחי הנגרים. מעולם לא שמעתי מפיו תלונה כל שהיא או דברים בטלים. תמיד היה חיוך קל שפוך על פניו.

האיש הטהור הזה ואלפים כמותו היו כקוצים בעיניו של הרייך השלישי. כל עוד התהלכו אנשים אלה בינינו, לא חשו עצמם בטוחים.

כבוד לזכרו של אחד מן הנפלאים והנעלים שבבני דיסנה הבלתי נשכחת.

### משה הסנדלר

בשעתו היה משה חייל בצבא ניקולאי.

מספר היה כי שרת בגבול יפאן וכפשע היה בינו לבין המות. כעדות לדבריו היה קלע תקוע בחזהו, בצד שמאל, ולא העזו הרופאים לנתחו. משה היה גאה על אותו קלע ביותר. עוד היתה לו צלקת ארוכה בלחיו הימנית. הוא סיפר, כי רסיס של פצצה פתח את לחיו. בשל הסמנים שהיו בו האמינו לכל ספוריו.

בעל גוף מוצק היה משה, גבוה ורחב גרם. שערות שחורות ומסולסלות כיסו את ראשו וכתנתו הפתוחה בכל עת גילתה חזה שעיר. מצעדו היה רחב ואיתן וחיוך תמיד שפוך היה על פניו.

סנדלר טוב היה ועבודה מרובה היתה מצויה לו בכל עת. אף על פי כן, מידי הכנסי לביתו השתוממתי לעזובה ולעוני ששררו בו. סמוך לשולחן עבודתו עמדה מטה ועליה מגובבים בערבוביה כלי מטה ושמיכות. באמצע הבית עמד שולחן פשוט עשוי לוחות עץ ומכוסה במפה. המפה לבנה, אך גונה נשתנה מכבר. ליד השולחן עמדו שני כסאות מיושנים שנשתחקו פניהם. בחדר אחד עמדו שתי מטות ילדים ישנות וכנגדן ליד הקיר ארון ישן. דלת אחת בארון היתה מכוסה בראי. אף זה נשתחק צפויו ונוצרו בו כתמים שחורים.

רצפת הבית היתה שבורה במקומות רבים והיה בה סכנה לרגלים. מעולם לא הבנתי כיצד נערכו בני הבית לשינה, לפי שלמשה היו ילדים רבים. לא היה ילד שלא היה קטן הימנו ויאכה אשתו, הסנדלרית סובבה תמיד, כשכרסה בין שיניה או שחלצה שד לרך שזה עתה נולד.

משה היה „הסנדלר שלנו". הוא היה תופר לנו נע־לים חדשות ואף מתקן את הישנות. בערב חג היתה אמי מזמינתו לביתנו שיבוא ליטול מדות לכמה זוגות נעלים חדשות. המדידה נעשתה ברגל מלובשת בגרב של צמר. הוא היה גוזר פסים של ניר כאורך כף הרגל, רחבה והיקפה. בביתנו היו מצויים עורות והוא יעץ איזה עור ליטול לפנת ואיזה לסוליות. לבסוף היה יוצא ונוטל עמו חבילה של עורות ממינים שונים.

תפירת הנעלים שימשה לי אמתלה לסור לביתו. שאלתי אם כבר הכין את הנעלים ולא התכונתי אלא להתבונן בו כיצד הוא יושב על שרפרף נמוך כשחוט מדונג משתלשל לו מבין שיניו. בהפסקות קצובות היה נועץ מרצע מעוקם לסוליה וכשהוציאו, היה משחיל בחור את החוט המדונג, מותחו ומוסיף מכה בפטישו שהיה מונח תמיד בחיקו. לפעמים היה פורץ בגערה לעבר אשתו ומטיל בה אמום של עץ. מעולם לא עמדתי על סבת רוגזו. אף פעם לא פגע בה.

תנור גדול ורחב היה לו למשה הסנדלר, שעמד מול פתח הכניסה לבית. מיד לאחר חג הפורים היה שובת מן הסנדלרות והופך את ביתו למקום לאפית מצות לחג הפסח. לוחות עץ כבדים ומהוקצעים, שהונחו על גבי ארגזים, שימשו שולחנות עבודה ונערות ונשים עבדו לידם ביום ובלילה. מקרצות של בצק חולקו להן לעוב־דות בזו אחר זו והן הפכו בהן ורדדון עד שנטל אותם המחרר לגלגל עליהן גלגל של שינים.

התנור היה מוסק ביום ובלילה. משה עבד ליד הת־נור. בזריזות רבה היה מעלה את המצות על מקל מצוח־צח וארוך מכניסן לתנור ומיד מוציא משם אחרות שהכניסן קודם לכן. את המצות שנאפו הטיל אל שולחן מכוסה לבן כדי שיצטננו. לבסוף ארזן בסלים קלועים. כל לקוח הביא קמח חטים למצותיו וסל ליטול אותן בו. אמי היתה כמובן מלקוחותיו הראשונות של משה.

קרוב לארבעה שבועות היתה נמשכת אפית המצות בביתו של משה הסנדלר. אותם ימים לא דמה לסנדלר פשוט. דבקו בו עליצות ושמחה והוא נהנה מן המעמד שהיה לו כאדם חשוב ואחראי שהבריות צריכים לו. מצב רוחו המרומם נמשך כל ימי החג. משיצא החג, שב לשולחן מלאכתו. שוב החליק במכות פטיש את החוט המדונג שהשחיל ושוב הטיל אמום של עץ אחר אשתו, כשהוא מלווה את מעשהו בקולי קולות.

משה הסנדלר, איש העמל הפשוט והישר, היה כקוץ בצדו של הרייך השלישי ולא היתה לו זכות לחיות. ראשית משום שהיה יהודי ושנית משום שהפיהרר

מברכטסגדן לא אהב אנשי עמל, בפרט מזרע היהודים.

משה הסנדלר לא נותח מעולם בחזהו כדי להוציא את הקלע שנתקע בו במלחמת יפאן, מפני הסכנה. אך הנאצים לא היססו לתקוע בחזהו עוד קלעים מספר. הוא לא נזקק עוד לנתוח.

דמותו של היהודי הטוב משה הסנדלר מדיסנה ישאר חרוט בזכרוני לנצח.

כבוד לזכרו.

**חצקל בן ירוחם (חאנין)**

חצקל בן ירוחם היה גבר בסוף שנות הארבעים. הוא היה נמוך וקצר־ראי ביותר. אם הסיר את משקפיו עבי־העדשות היו עיניו מתערפלות ולא ראה דבר. כשהת־חתן, כבר היה חצקל אדם קשיש, וכשנולד ילדו הראשון לא היה קץ לשמחתו. כה אהב אותו וכה חרד לו, עד שהיה מוכן לבוא למענו באש ובמים.

חצקל התפרנס מחנות של עורות. גם אביו ירוחם ע״ה וגם אחיו יושקה סחרו בעורות. לקוחותיו היו סנד־לרים, תפרים ואכרים שהיו מגיעים בימי שוק למכור את תוצרתם בעיר. בחנותו עמד תמיד ריח חריף של עורות.

הוא לא נמנה עם ה„גבירים״, אך ניהל אורח חיים נאה והיה מקובל על הבריות כאדם ישר ונאמן. בגדיו הנקיים ודרך דבורו העידו על כך. גרנו בבית שמעבר לרחוב ונהגתי לסור אליו לעתים קרובות. חבר טוב הייתי לבנו מתולתל השער, שהיה נער נאה ונבון. גם ביתו היה נאה ומסודר. הרהיטים המודרניים שלו היו ערוכים בטעם רב.

השנים חלפו כדרכן. פעמים שהביאו בכנפיהן צער ויסורים ופעמים שרפאו פגעים ישנים. חצקל ירוחמ׳ס היה טרוד בעסקיו כדרכו ויכול היה להוציא את ימיו מבלי שאיש, מלבד קרוביו, יזכרהו.

אך הדברים היו שונים.

ענני עופרת כבדים הגיחו ובאו מן המערב וכבר היתה פולין אחוזה בלהבות והרס ושטופה בנהרי נחלי דם של יהודים חפים מכל פשע. החיה הנאצית שכורה מדמים, פרצה לדיסנה כחיה רעה הפורצת מסוגרה. החיים בעיר קפאו לאלתר. נותק כל קשר אל העולם החפשי. טרור האימים כלפי יהודי דיסנה נפתח מיד ביום הראשון. אנשים חפים מכל פשע נורו למות דבר יום ביומו, ללא דין וללא דיין. אנשים שעברו ברחוב דרך מקרה נתפסו בידי החיות שסובבו בשוטים בידיהם. הם כינסו אותם לקבוצות ושלחום ל„עבודה״, שלא היתה לה תכלית כלל. הם נשלחו דרך משל להוציא מיכל אכול חלודה ממימי הדווינה. מיכל זה היה מונח ימים רבים במים, לא הרחק מן הגשר ההרוס. מטרת העבודה לא היתה אלא להחזיק את העובדים האומללים שעות מרו־בות במי הדווינה של ימי דצמבר הקרים לפעמים שלחו אותם לכסות תעלות, שהן וגילום לאחר מכן כדי לייגע ולענות. כלפי העובדים נהגו בטרור אימים ורבים היו שלא שבו לבתיהם. בעלה של שושקה, הגגן נדרש להביא תוך חמש עשרה דקות בקבוק נפט מחנותו. כשהגיע שטוף זעה, נושם ונושף, הכריחהו אחד מן הגרמנים לשתות את הנפט. הוא לא זכה עוד לשוב אל ביתו.

חצקל בן ירוחם נקלע פעם לקבוצת עובדים כזו. מצויד באת כבד, עמל בזיעת אפיו בכיסוי תעלה. לפתע נשמע קול שכורים צרוד של אחת החיות, שתבעה מן הקבוצה לפנות שמאלה. חצקל, שהיה קצר רואי מאד ועדשות משקפיו העבות היו מכוסות בזעה, התענה בעוורונו ולא תפס מיד את כוונת הפקודה. הוא החל לנוע לאטו לצד ימין. לא הספיק לעבור אלא צעדים אחדים ושתי יריות נורו אליו בזו אחר זו. חצקל נפל פצוע וחסר אונים בקצה המדרכה.

פצעיו היו אנושים. חבריו לעבודה, שביניהם אף היה שכנו שמעבר לרחוב, קפאו תחתם. עיניהם הביעו מצוקה ואימה אשר לא יתוארו במלים. איש לא אזר עוז לגשת לעזרתו של הנופל.

את האימה שיסע שוב קול החיה הנאצית. בכוונו את האקדח לעבר האנשים, הצביע בידו האחרת אל חצקל וציווה כי יוטל אל התעלה שלא גמרו למלאותה. למרות הפחד שבעיניהם לא זז איש ממקומו. ידיו ורג־ליו של חצקל עוד נעו תוך התכווציות ומפיו שטוף הדם נמלטו קולות כבדים ובלתי ברורים. הוא חי ונזקק לעזרה.

שוב נשמע קול יריה. הפעם יריה באויר, ירית אז־הרה, ומיד החלה היד שהחזיקה באקדח שהעלה עשן לכוונו לעבר האנשים. האנשים התעוררו מקפאונם וכולם כאחד פנו לעברו של חצקל. גופו פירפר. הוא עוד היה חי. הם הרימוהו ונשאוהו לתעלה המכוסה למחצה והו־

רידוהו בזהירות. בעינים קמות הביטו זה בזה כמתיע־צים. אין ברירה — אמרו המבטים. הם החלו מכסים אט אט את גופו החי של חצקל בן ירוחם, האיש שעבד אתם אך לפני רגעים מספר. כמה צער וחרון, כמה מצוקה ויסורים עברו על בני אותה קבוצת עובדים, ידידיו הותיקים ושכניו הטובים. הם כיסוהו בשכבה דקה של עפר. פני כולם היו אפורים ומביעים אימה. הם ראו בעיניהם, כי העפר שעליו נע וזע. לבסוף באה פקודה לעבור למקום אחר, לעבודה אחרת. האנשים הביטו זה בזה, העלו את אתיהם על שכמיהם ולאט לאט החלו מתרחקים מן המקום. בקצה המדרכה שם נפל חצקל נשארה שלולית דם שחור שהגליד. לרשימת הקדושים של בני דיסנה נוסף קדוש וזאת לפני שירד יד הקוצר על שארית אנשי דיסנה המעונים.

העם שהוציא מקרבו תליין כגון זה, שירה בדם קר וציווה לקבור יהודי חי וחסר אונים, הינוקה? ואם ירבו אדוקי הדת הנוצרים לאסוף מועצות אקומניות ולפרסם מנשרים, הירחצו בנקיון כפיהם מדמיו הנקיים של חצקל?

לא! לעולם לא יינקו. אות קין ישאר חרוט לנצח במצחיהם. אותך, חצקל, ואתכם אלפי קדושי דיסנה לא נשכח עד עולם. לנצח יוחקו שמותיכם, עדות לדורי דורות, לאשר עשה לנו עמלק.

## נארמאן אייזענבערג: **טיפן פון אונזערע צייטן**

### 1. ר' מענדל ארעס (אייזנבערג)

דער העכער־מיטלוווקסיקער, פעסט געבויטער, שווארצבערדיקער ר' מענדל ארעס, האט געהאט פיל־זייטיקע אַספּיראַציעס. ער איז געווען אַ געניאַלער סוחר־טיפּ פון גרויסן פאַרנעם און האט זייער הויך געשאַצט גוטע ווירטשאַפט ביי זיך און ביי יענעם. ער איז געווען א ירא־שמים, אַ גוטער בעל תפילה, א נדבן. פלעגט געבן מתן בסתר און אין זיין שטענדיקער איילעניש האט ער שטענדיק געפונען צייט צו טאָן עמעצן אַ טובה און זאגן אַ גלייכווערטל, אדער געבן אַ גוטע עצה. און איבער אַלעס א וואַרעמער און איבערגעגעבענער פאטער און מאַן.

ער האט געהאט א גרויסע פארשטענדעניש און רעספּעקט פאר וויסן און קולטור, כאטש ער אליין האט נישט געהאט צו פיל געלעגנהייט אין זיינע יונגע יאָרן צו לערנען און שטודירן. דעריבער איז זיך נישט געווען צו פיל צו וואונדרן, אַז ער האט געלייגט אַכט, אַז זיינע קינדער זאלן באקומען בילדונג. און ער האט געהאט ניין, אָן עין הרע; פינף בנים און פיר טעכטער. זיין זארג האט זיך אויסגעשפרייט אן אַ מאָס פאר זייער גוטער דערציונג, בילדונג, געזונט, וואויל־זיין און פרנסה, זייער פיל פרנסה... ער האט געטאָן, דאכט זיך, דאס אוממעגלעכע, כדי צו פאַרזארגן זיין גרויסע משפחה פון עלף נפשות מיט אלדאס גוטס.

ס'איז זיך שווער פאַרצושטעלן אַ מער פאַרנומענעם, אדער אַ מער געאיילטן און פאַרהאַרעוועטן מענטש ווי ער איז געווען. אבער ער איז נישט געווען אַ פּשוטער אַרבעטער, וועלכער ענדיקט זיין אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאג און פאַרנעמט זיך אַפּצורוען. זיין טאג האט זיך אנגעהויבן פיר אזייגער פארטאָג און ער איז זייער זעלטן געגאַנגען שלאָפן פאר צוועלף אין דער נאַכט. זיין קאָפּ איז געווען אין געשעפטן און ער איז אין דער אמתן געווען אַ געניאַלער געשעפטס־מאַן. ס'איז זיך יעצט גאר שווער פאַרצושטעלן, ווי אזוי איין מענטש האט דאס אַלעס געקאַנט אויפטאָן און גלייכצייטיק זיין א מבין אויף אַזוי פיל פארשיידנסטע אַרטיקלען און באַזארגן די פינאַנסיעלע זייט, די טראַנספּאָרטאַציע, די סקלאַדעס, דאס פארקויפן, דאס איינקויפן, די בוכהאַלטעריע. און דאס אַלץ אַליין, אָן באַדינונג, אָן שרייבערס אָן טעלעפאָנען, אָן אַ מאַשין, אדער אַ בריטשקע, פאַרשרייבנדיק עפּעס מיט דער לינקער האַנט אין אַ קליינער, אפּגעריבענער קעשענע

בלאָק־נאָטל מיט אַ האַלב־פאַרשניצטן בלייפעדער, אנגעשפּאַרט ערגעץ אָן אַ פּאַס הערינג, אדער אַ קאסטן מיט קאַלירטע טיכלעך, איילנדיק גלייך אין אַ צווייטער ריכטונג, אריינצושטופּן די הענט צווישן דער רייע קאַלב־פעלן, וואָס הענגען אויף שטאַנגען צו זען, אויב זיי האבן זיך שוין אונטערגעטריקנט אַ ביסל...

זיינע אָריגינעלע געשעפטן זיינען געווען אַ הורט־געשעפט פון באקאליי, אדער שפּייז־פּראָדוקטן. אבער ער האט אויך געהאנדלט מיט נאפט, בענזין, דזשעג־געכץ, חזיר־האָר, פערדישע עקן און גריוועס, אַלערליי פוטערוואַרג, פון אלע מינים טיכער און שמאַטעס, אַפּ־פאַל פון וואָל, רויע שעפּסן־וואָל, געטריקנטע שוועמ־לעך, זוימען און טיילוויז שוך־לעדער. אויך פאַרשיי־דענע גאלאנטעריע ארטיקלען, ווי: נאָדלען, שפּילקעס, בראַשקעס, שמעקנדיקע זייפן, פּודער, קעמלעך, קאָפּ־טיכלעך, פּאַטשיילעס און צענדליקער אַנדערע ארטיק־לען, ספּעציעל פאר די קאַראַבעלניקעס, ד. ה. די פעדלער, וועלכע פלעגן גיין איבער די דערפער און אויסטוישן די אַרטיקלען אויף שפּייז, חזיר־האָר, פוּ־טערוואַרג און פעל, פון וועלכער ער איז ווידער געווען דער אָפּנעמער.

ר׳ מענדל האט געקאנט אָפּשאַצן אויפן אויג די וואג פון אַ בינטל חזיר־האָר און די קוואַליטעט פון אַ קרענצל געטריקנטע שוועמלעך. מיט איין בלאָז פון מויל די פוכיקע פעל — דעם קוואליטעט פון פוקס, אדער טכויר. מיט איין שארפן קוק די קוואליטעט פון אַ יונגן פערדס פינקלדיקער פעל.

ס׳איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער מענטש, וואָס האט אים געקאנט אָפּנאַרן אין ביזנעס. ווען מען וועקט אים אויף אין מיטן דער נאכט, וואלט ער גענוי געוווסט דעם פּרייז פון אַ טוץ פּערלמוטערנע קנעפּ־לעך, אַ פונט פּאַדעשווע־לעדער, אדער אַ פעל פון אַ טכויר.

איינקויפנדיק אַ גרויסן טראַנספּאָרט הערינג, פון הונדערט, אדער מער פעסער, — נישט וויכטיק, צי דאס זיינען געווען מאַטיאַש, יארמוטער, טאראנעס, אדער גאר שמעקנדיקע — האט ער באַפוילן צו עפענען איינע פון די פעסער, אַרויסגעגראָבן אַליין פון דער זיבעטער ריי אַ הערינג, צוריסן אים אויף צוויי און איינגעביסן אין רוקן, כדי צו פילן אַליין דעם טעם פון דער סחורה און קענען שפּעטער גאראנטירן זיינע קונים די גוטסקייט און קוואַליטעט.

ר׳ מענדלען האט מען געקענט באַגעגענען כמעט יעדן פּאַרטאָג, איידער די זון איז נאָך אויפגעגאנגען (ער האט שוין געהאט אָפּגעדאוונט מיטן ערשטן מנין) אין די פאַרוואָרפנסטע געסלעך „פון נייען פּלאַן“, אדער אנדערע עקן פון דיסנע, גייענדיק און פאַרשנדיק (פון קיין טעלעפאָן אדער אויטא האט מען נאָך דאַמאלסט נישט געחלומט) צי דער אדער יענער פּעדלער איז שוין געקומען צוריק פון זיין רייזע איבער די דערפער און וואס פאַר אַ סחורה ער האט צום פאַרקויפן, ווי: פוטערוואַרג, חזיר־האָר, פערדן־האָר, שוועמלעך און אנדערע.

אין די שפּעטערדיקע שעהן פון טאג איז ער געווען פאַרטאָן מיט פאַרשיידענע אנדערע געשעפטן, ווי אויפן שטאַטישן מאַרק, אין די סקלאַדעס פון נאַפט און שמירעכצן, אין די שמאַטע־סקלאַדעס, אין געשעפט, באַדינענדיק קונים, אויספּאַקן פריש אָנגעקומענע סחורה, אדער גאר גיין צו די קרעמער, זיינע קונדן, איינקאסירן חובות אויפן בוך.

פאַרביי לויפנדיק די סקלאַדעס, פלעגט ער קיין מאל נישט פאַרפעלן אריינצוכאַפּן זיך אין שטאַל און געבן אַ קוק צו דער קו, צי זי האט גענוג פרישן שטרוי, אונטערגעלייגט ס׳זאל איר נישט זיין צו נאס צו ליגן. מיט אַ שאַרפן קוק פון דער זייט אָפּגעשאַצט, ווי לאנג זי וועט נאָך אָרומגיין ביז צום קעלבן זיך, אדער צי זי דאַרף זיך שוין לויפן. גלייכצייטיק האט ער אַ וואָרף געטאָן די אויגן אויפן צווייטן זייט הויף, זען צי די הינער און קאטשקעס האבן נאָך צעווייקטן ברויט צום עסן און פרישן וואַסער. טייל מאל פלעגט ער זיך אָפּשטעלן אין צווייטן זייט פון לאנגן הויף, וווּ לענג־אויס דער אנדערער וואנט פון שכנס הויז איז געלעגן אָנגעלייגט ארום 2 מעטער הויך צוהאַקטע בעריאַזעווע שטיקער האלץ און אויף גיך באַשלאָסן אריינצוואַרפן (ד.ה. צוצוקויפן) נאָך אַ 5—6 פורן האָלץ, כדי צו זיין זיכער מיטן ווינטער...

און ווען די הארבסט־טעג פלעגן זיך אנרוקן, פלעגט ער ביי דער ערשטער געלעגנהייט צועפענען די גרויסע אייזערנע טיר פון דעם גרויסן קעלער, אַרונטערלויפן די געדרייטע טרעפּ און מיט אַ גענויער אויג אָפּשאַצן

די גרויסע קופע קאַרטאָפל אין איין ווינקל; אין אַ צווייטן ווינקל — אַ הויכע קופע משונהדיק אויסגע־וואקסענע בוראקעס פאר דער קו און די קלענערע קופע מערן דערנעבן. און באלד אויפן אָרט באַשטימט צי מען דאַרף נאָך עפּעס „צוווארפן" פארן ווינטער.

באלד האט ער אויך ארויסגענומען פון צווישן אַ הויכער ריי ליידיק הילצערנע הערינג־עפעסער, וואס זיינען געלעגן אויסגעלייגט לענג אויס דער וואנט, דריי, אדער פיר „בעסערע" פעסער מיט צוגעפּאַסטע דעקן. און דאס וועט זיין אויף איינצוזויערן די אוגערקעס און די קרויט פארן ווינטער.

עפענענדיק איינע פון די טירלעך פון דער שאַפע, וואס איז געשטאנען איינגעמויערט אין וואנט פון קע־לער, ווו די מילכווארג אפטיילונג האט זיך געפונען, האט ער באטראכט א רגע די שטייג מיט די קעזן און באלד באשטימט, אז דער אויבערשטער קעז איז שוין גענוג הארט און טרוקן און קען שוין ארויפקומען אין הויז צום עסן.

אויך צו דער גרויסער שטייג מיט די גענדז אין ווייטן ווינקל פון קעלער האט ער נישט פאַרפעלט צו וואַרפן א בליק, צי זיי האבן גענוג האבער, וואסער און קוילן. מען האט זיי געקארמעט פעט צו ווערן דורכן ווינטער.

ר' מענדל ארעס איז געווען אַן אָפטער רייזנדער אין ווייטע מקומות און דער טלית און תפילין־זעקל איז אַלע מאל געווען מיט אים. אין די פאר־מלחמהדיקע יארן פלעגן אים זיינע געשעפטן פירן קיין פאלאצק, דווינסק, וויטעבסק, אויפן וואראניעזשער יאריד. ער פלעגט אפילו באוויזן זיך אריינצוקריגן אין מאָסקווע נישט לעגאל (אין יענער צייט איז מאָסקווע געווען „קראמיע יעווריעיוו" — אָן יידן). ער פלעגט ברענגען פון די יארידן, אויסער די געוויינלעכע סחורות אויך „אויסטערלישע" זאכן פאר דער משפחה, ווי אמתע ווייינטרויבן, רויטן ארבוז, אפעלסינען און פאר זיין פרוי, וועלכע ער האט זייער געשעצט און געליבט — פארשיידענע פרויען־אַרטיקלען, דעליקאטע אונטער־וועש און זיידענע פאַרביקע קאָפּ־טיכלעך.

נאָך דער מלחמה, ווען רוסלאנד איז געווארן אפּ־געשניטן פון דיסנע, פלעגט ער פאָרן אָפט קיין ווילנע. נישט וויכטיק ווי פארנומען און פארהאָרעוועט ער איז געווען א גאנצע וואָך, נאר פרייטיק נאָך מיטאָג האבן זיך אלע געשעפטן געענדיקט פאר אים. ס'איז געקומען די צייט צו גיין אין חיים־העסלס באָד, אויס־פאַרען זיך, אויסבעזימען זיך, אָפּטונקען זיך אין מקוה עטלעכע מאָל און זיין גרייט צו קבלת שבת.

אין שבתים און יום־טובים איז ר' מענדל געווען איינגאנצן אַן אנדער מענטש, אויסגעטאָן לחלוטין פון דער לויפעניש און הארעוואניע, פון דעם יאָך פון פרנסה. ריין אויסגעוואשן, אָנגעטאָן זויבער אין א שווארצן סורדוק מיט א קלאָר ווייסער אויבער־העמד אָן אויסבינדער, אַ האַרטן שוואַרצן הוט; די באָרד פיין צוקעמט — געשפאנט מיושבדיק אויפן וועג אין זיין שול, אין דער סווינסקער, אונטערגעברומט זיך א ניגון.

אין שול איז ער געווען פון די גאר אָנגעזעענע בעלי־בתים און זיין „שטאָט" איז געווען אין מזרח, נישט ווייט פון ארון־קודש. זיין אָנגעזעענקייט איז נאָך געווען גרעסער דערמיט, וואס ער האט זיך גערעכנט פאר א גוטן בעל־תפילה און פלעגט ראש השנה און יום־כיפור דאווענען מוסף און נעילה ביים עמוד מיט פיל הארץ און געוויין.

אין הויז פלעגט זיין אַן עכט יום־טובדיקע שטי־מונג, ריין, ציכטיק און ווארעם; דער טיש מיט די פינקלדיקע, ווייסע טישטוכער, זילבערנע לייכטער, רויטן וויין מיט כוסות. די קינדער און פרוי אָנגעטאָן אין די בעסטע קליידער, וואס זיי האבן — אלע דער־וואַרטן דעם מלך. מיט אַ ברייטן „גוט שבת", אדער „גוט יום־טוב" פלעגט ר' מענדל אריינקומען אין הויז, נאָכגעפאָלגט פון זיינע זין. אין הויז פלעגט ווערן אלץ אויפגעלעבט מיט רייד און געלעכטער.

ער פלעגט מאכן קידוש איבערן וויין מיט א הויכן ניגון, ווי עס פּאַסט פאר א חזן, ארונטערגענומען דעם אויבערשטן ראָק, פאַרטוישט די הוט אויף אַ יאַרמול־קע, געוואשן די הענט און אַלע זיינען שוין געזעסן ארום דעם גרויסן טיש; יעדער אויף זיין שטענדיקן פלאָץ.

— א משפחה, אַן עין הרע — פלעגט זיך ר' מענדל איבערקוקן מיט זיין פרוי.

דער פאטער האט געמאכט די ברכה „המוציא לחם מן הארץ", אָפּגעבראָכן אַ שטיקל חלה און פארזוכט. דאַ־מאלסט האבן אויך אלע נאָכגעפאָלגט און איינגעביסן

יעדער זיין המוציא. די מוטער פלעגט פלינק סערווירן און דערלאנגען יעדן זיין פּאָרציע. די קינדער פלעגן צווישן זיך דורכשמועסן וועגן זייערע שול-פּראָבלעמען און איינדרוקן פון יום טוב. דער פאטער פלעגט בענטשן נאכן עסן מיט אַ ניגון. אַ ווײַלע שפּעטער פלעגט ער זינגען זמירות.

ראש השנה, אדער ערב יום כיפּור פלעגט ער עפּענען דעם מחזור און אַריינקוקן אין דער תפילה פון מוסף און פלעגט אין געוויסע שטעלן זיך צווינגען, אַזוי ווי ער וואלט זיך רעפּעטירט פאַרן נאָענטסטן טאג צו דאַוונען ביים עמוד.

פסח צום סדר האט אויסגעזען זייער אימפּאָזאנט ביי ר׳ מענדלען אין הויז. ער פלעגט געוויינלעך ברענגען אַ אורח פון שול, אַן אָרעמאַן. דער סדר און דאס זאָגן די הגדה איז צוגעגאנגען מיט גרויס פּאָמפּע און פייערלעכקייט. ווען ער פלעגט זיצן אויף א הויכן קישן און אלע קינדער ארום טיש פלעגן זאגן די הגדה מיט א ניגון. זיין זינגען פלעגט זיך הערן העכער פון אַלעמען, ספּעציעל ביי „הללויה" און שפּעטער ביי „שפוך חמתך" און „חד גדיא".

אין שול, אין די יום־טובדיקע טעג, פלעגט ער זיך אויפפירן מיט א ברייטער האנט, קויפן עליות און מנדב זיין פאר אנדערע צוועקן. ס'איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, אז דאס איז דער זעלבער ר׳ מענדל ארעס, וואס קויפט און ארבעט אזוי שווער א גאנצע וואָך, מיט אזוי פיל קאָפּ־דרייעניש און האַרץ־ווייטיק, שלעפּנדיק מיט שטאָלץ און ווירדע דעם שווערן יאָך פון פּרנסה, כדי צו פאַרזיכערן, אז זיין גריסע משפּחה, זיינע ליבע קינדער און פרוי, זאלן אלע זיין באַזאָרגט מיט אלעס, וואס ס'איז נויטיק: גוטע דערציונג, בילדונג, קליידונג, און א ווארעמע היים. אזוי ארום אויפגעהאלטן און צעמענטירט א מוסטערהאפטע און טראדיציאנעלע יידישע משפחה אין דיסנע.

ר׳ מענדל ארעס איז געווען אן עכטער און אויסטערלישער טיפּ מענטש און א שטאָלצער, טיף־גלויביקער ייד. ווי טראַגיש און איראָניש עס קלינגט — יאָרן שפּעטער האט זיין אייגענער זון געמוזט צונעמען אַ ציגל נאך אַ ציגל, אונטער דער שארפער אויפזיכט פון אַ נאַצישער בעסטיע מיט א רעוואָלווער אין זיין האנט, זיין פאטערס גרויסע און שיינע הויז און אלץ וואס אין איר. צוזאמען מיט דעם די לעבנסלענגלעכע מי און האפנונג, וואס ר׳ מענדל האט דא אריינגעלייגט פאר דער בעסערער צוקונפט פון זיינע קינדער.

ערע און כבוד אונזערע הייליקע מארטירער פון דיסנע.

### 2. ישראל דער סטאלער (גריינימאן)

ער איז פארבליבן אין מיין זכרון אלס סימבאָל פון ערלעכקייט, ריינקייט, גאָטס-פאָרכטיקייט אן מאיעסטעט. „צייט צו שליסן די קראם", פלעג איך שטענדיק הערן פרייטיק אין די שפּעטערע נאכמיטאָג־שעהן. „ישראל דער סטאלער גייט שוין מקבל שבת זיין". אט גייט ער מיט שנעלע און דראָבנע טריט דער שלאנקער ייד, מיט דער לאנגער, שיין צעקאמטער, ווייסער באָרד, אין דער לאנגער שווארצער קאפּאָטע, איבערגעבונדן מיט א זיידענעם, שווארצן גארטל, מיט דער חסידישער היטל אויפן קאָפּ. די יארמולקע קוקט ארויס פון אונטערן היטל. ער גייט צו דער „סווינסקער" שול, דארט דאַוונט ער זיין גאנצן לעבן. דארטן פלעגט אויך דאַוונען מיין טאטע. און זייענדיק אין שול, פלעג איך שטענדיק האבן די קינדערישע נייגעריקייט צו אָבסערווירן דעם מאן, וואס איז געווען אין מיינע אויגן פאַרגעטערט, דער סימבאָל פון אלעס, וואס איז גוט, ערלעך און ציכטיק.

זיין „שטאָט" איז געווען ביים עק פון א פּשוטער הילצערנער באנק ביי דער דרום-וואנט נעבן פענסטער. ער פלעגט זייער ווייניק רעדן מיט זיינע שכנים ארום און פלעגט נאר דאַוונען, על פּי רוב אויף אויסנווייניק. איך בין געווען זיכער, אז ער פארפעלט נישט קיין איין ווארט. ביי שמונה עשרה, און ספּעציעל ביי מוסף, איז ער געווען איבערגעדעקט מיטן טלית איבערן קאָפּ, מיטן פנים צו מזרח און זיך געשאָקלט מאַיעסטעטיש. ער איז געווען דער לעצטער צו ענדיקן די תפילה. דער חזן, אדער בעל־תפילה, פלעגט נישט וואגן אנהויבן צו דאוונען בציבור כל זמן ר׳ ישראל איז נאך נישט „אויסגעגאנגען" שמונה עשרה.

איבערהויפּט פלעגט זיך דאס מערקן אין די טעג פון ימים־נוראים. ר׳ ישראל פלעגט זיין אנגעטאָן אין אַ ברייטן, ווייסן קיטל, אַרומגעגארטלט מיט א שווארצן גארטל און א קליינע טאבאק-פושקע מיט א שארפן

שמעק טאבאק, איינגעוויקלט אין א ווייסן נאז־טיכל, פארשטעקט אין בוזים. דאס מערקווירדיקע איז געשען אין דעם טאג פון יום־כיפור: דער שלאנקער, אכציק יאריקער, שווער פארהארעוועטער מאן (ערשט אין די שפעטערדיקע יאָרן האב איך אויסגעפונען, ווי שווער און פלינק דער מאן האט געאַרבעט אַלס סטאלער און טאָקער), פלעגט אפשטיין דעם גאנצן טאג, פון פרי ביז נאכט, איינגעהילט אין זיין קיטל, איבערגעדעקט מיטן טלית איבערן קאפ און שאקלען זיך און זאגן פון מחזור, נישט לייגנדיק אינגאַנצן קיין אַכט, וואס עס טוט זיך ארום אים. ס'האט זיך געפילט, אז ער איז פולשטענדיק אויסגעטאָן פון דער וועלט און שוועבט ערגעץ אין די הימלען. נאר פון צייט צו צייט פלעגט ער ארויסנעמען די נאז־טיכל און געבן א לייכטן שמעק פון שארפן טאבאק און זיך אויסגעווישט מיטן טיכל זיין פארשוויצטן און פארוויינטן פנים.

יא, איך פלעג בגניבה אריינקוקן אין זיין פנים און כ'פלעג זען טרערן רינען אראָפּ פון זיינע אויגן... דאס פלעגט אנגיין דעם גאנצן טאג, ביז די נאַכט פלעגט צופאלן. גייענדיק אין אוונט א היים פון שול פלעג איך באַמערקן, אז דער לאנגער תענית און די פיל שעהן, שטייענדיק אין אזא התלהבותדיקן דאוונען האבן געווירקט אויף אים און זיין הילוך איז געווען פיל לאנגזאמער און נישט אזוי זיכער, זיין פנים בלאס און אויסגעמאַטערט. אבער די צויבערקייט פון זיין געשטאלט איז געווען מיט אים און אַרום אים.

און דער מאן איז געווען אַ געוויינלעכער אַרבעטער — אַ סטאָלער. די סטאלעריי איז געווען אנגעפירט פון זיינע זין און ער האט שוין נישט געדארפט אַר־בעטן. אבער ער פלעגט יעדן טאג אַריינקומען און זיך געשטעלט צו דער טאָקעריי, אדער מיטן גרויסן הובל, אזוי ווי א יונגער אַרבעטער. ער האט פארדינט כשר זיין שטיקל ברויט. כ'האב קיין מאל אים נישט גע־הערט באקלאָגן זיך, אדער רעדן דברים בטלים. א לייכ־טער שמייכל איז שטענדיק געווען אויף זיין פנים.

און אָט דער צויבערדיקער מאַן און פיל טויזנטער ווי ער, זיינען געווען ווי א דאָרן אין די אויגן פון דעם דריטן רייך. כל זמן אזעלכע מענטשן זיינען געווען צווישן אונז האבן זיי זיך נישט געפילט גוט און זיכער... ערע און כבוד צום אנדענק פון איינעם פון די וווּנדער־באַרע און גייסטרייכע טיפּן פון אונזער אומפארגעס־לעכער שטאָט דיסנע.

### 3. משה דער שוסטער

משה איז געווען אַ געוועזענער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאט. ער פלעגט דערציילן, אַז ער האט געדינט אויף דער יאפּאנישער גרענעץ און דארטן איז ער שיעור נישט דערהרגעט געוואָרן. דער פאַקט, אַז ער האט געהאט אַ קויל אין זיין לינקער ברוסט, מיט וואס ער האט זיך שטאַרק איבערגענומען, און מען האט אים נישט געוואגט צו אָפּערירן. דער טיפער שראַם אויף אויף זיין רעכטער באק האט אויסגעזען, ווי א שניט פון אַ מעסער, וואס האט זיך שפעטער פארהיילט. אָבער ער פלעגט דערציילן, אז אַ שראַפּנעל האט אים אויפ־געריסן די באק. דאס אַלץ האבן באַשטעטיקט זיינע מעשיות פון יאפּאנישן פראָנט.

אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער און פעסט געבויטער מאן, מיט אַ שטענדיק ברייט־צעעפנטער העמד, ארויס־ווייזנדיק אַ טייל פון זיין פאַרוואַקסענער ברוסט, מיט א שוואַרצן קאפּ געקרייזלטע האר, פלעגט ער שפּאנען מיט גרויסע און זיכערע טריט, מיט א לייכטן שמייכל אויף זיין פנים.

ער איז געווען א גוטער שוסטער און האט שטענ־דיק געהאט א סך ארבעט. אבער ווי פארוואונדערט פלעג איך זיין יעדעס מאָל, ווען כ'פלעג אריינקומען אין זיין הויז און נישט ווילנדיק זיך צוגעקוקט צו דער אָרעמקייט און אָפּגעלאָזנקייט. גלייך נעבן זיין „וואר־שטאָט" איז געשטאנען א גרויסע, אפּגעריבענע איינ־ציקע בעט, אנגעלאדן מיט בעטגעוואנט, קיין מאל נישט פאַרבעט. אין מיטן שטוב איז געשטאנען אַ פּשוטער טיש, צוזאמענגעקלאפּט פון ברעטער און פארדעקט מיט א טישטוך, וואס איז אמאָל געווען ווייס. א פּאָר אלטמאָדישע, אָפּגעקראַכענע שטולן זיינען גע־שטאנען דערביי. אין א צווייטן צימער זיינען געשטאנען צוויי אלטע קינדערשע בעטלעך און ביי דער וואנט אַ גרויסע טונקעלע, אלט־מאָדישע שאפע, פון וועלכער איין טיר איז געווען באדעקט מיט אַ שפּיגל, וואס איז אין עטלעכע פלעצער געווען אָפּגעקראַכן און שווארץ. דאס זיינען געווען די „מעבל" אין הויז. די פּאָדלאָגע איז אין אייניקע פלעצער געווען צובראָכן

מיט לעכער. מען האט זיך געדארפט אויסהיטן, כדי נישט אויסצודרייען א פוס.

איך האב קיין מאל נישט פארשטאנען, ווי אזוי זיי פלעגן שלאָפן, ווייל זיי האבן געהאט קליינע קינדער, איינע אונטער די אנדערע. און יאכע, די שוסטערקע, פלעג איך שטענדיק זען, אדער מיט א גרויסן בויך, אדער זיצנדיק אויפן בעט מיט איין ברוסט אין דרויסן און מיט צעשויבערטע האָר, זויגנדיק אַ קליין קינד.

משה איז געווען „אונזער" שוסטער, ד. ה. ער פלעגט נייען פאר אונז נייע שיך און אויך פאריכטן אלטע. געוויינלעך ערב די יום־טובים פלעגט אים די מאַמע לאָזן וויסן, אז מען דארף „אראפנעמען א מאס" אויף עטלעכע פאר שיך. ער פלעגט באלד קומען צוגיין. „די מאס נעמען" איז באשטאנען אין דעם, אז איך פלעג דארפן אנטאָן א וואלענע זאק און ער פלעגט צושניידן שטיקלעך פאַפיר פון דער לענג, ברייט און הויך פון דעם פוס. אויך דאס זעלבע פאַר די אנדערע שיך. מיר פלעגן שטענדיק האבן לעדער אין הויז און ער פלעגט אָנהויבן געבן עצות דער מאמען, וועלכע כראם איז בעסער און וויכער און וועלכע זוילן זיינען פראקטישער. צום סוף פלעגט ער ארויסקומען פון אונזער הויז מיט א גרויסן פאַק פון פארשיידענע סאָרטן לעדער.

דאס האט מיר געגעבן אַן אויסרייד און געלעגנהייט אַריינצוקומען אין זיין הויז, כלומרשט צו זען, צי די שיך זיינען שוין פארטיק. איך פלעג ליב האבן צו באַטראַכטן ווי ער ארבעט, זיצנדיק איף אַ נידעריקן בענקעלע און האלטנדיק אָן אָנגעוואקסטע דראַטווע צווישן די ציינער, פלעגט ער רעגלמעסיק אַריינשטעכן אַ קרומען אָל און מאכן א לאָך און דאן פלינק דורכציען די ענד פון דער דראטווע, געבן א שטארקן צי און צוקלאַפּן מיטן האמער, וואס פלעגט ליגן אויף זיין שויס.

טייל מאל פלעגט ער זיך פלוצלונג צשרייען אויף זיין ווייב. איך האב קיין מאל נישט געוווּסט פארוואָס ער פלעגט איר געבן א שליידער מיט א הילצערנעם קאפול, אבער ער פלעגט איר קיין מאל נישט טרעפן.

משה דער שוסטער האט געהאט אַ גרויסן און ברייטן אויוון, באלד אנטקעגן דער טיר פון זיין הויז. באלד נאך פורים פלעגט ער אויפגעבן זיין שוסטעריי. זיין הויז איז פארוואנדלט געווארן אין אַ „פּאדריאד" צו באקן מצות אויף פסח. אין משך פון די נאָענטסטע דריי און אַ האלבע וואָכן איז זיין הויז אין די אוונטן געווען העל באלויכטן. שווערע, גלאטע ברעטער אנגעשפּארט אויף קאסטנס האבן געשאפן די „טישן". צענדליקער פרויען און מוידלעך פלעגן שטיין טאג און נאכט און וואלגערן מצות פון שטיקלעך טייג, „טייגלעך", וואָס מען פלעגט זיי אויסטיילן. דאן פלעגט מען יעדע מצה „רעדלען", ד. ה. מיט א שארפע צאָן רעדל מאכן לעכלעך. דער אויוון פלעגט טאג און נאכט זיין אנגעהייצט און משה פלעגט אַרבעטן ביים אויוון פלינק, אַרויפכאפּנדיק די מצות אויף אַ לאַנגן שטעקן און אַריינרוקן זיי אין אויוון. גלייכצייטיק פלעגט ער אַרויסנעמען אנדערע, וואס ער האט מיט א מינוט פריער אַריינגעלייגט אין אויוון. די מצות פלעגט ערווארפן אויף אַ ספּעציעלן טיש, באדעקט מיט א ווייסן ליילעך, כדי זיי זאלן זיך אביסל אָפּקילן און דאן אריינגעלייגט זיי אין גרויסע געפלאכטענע קוישן פאר די קונדן.

יעדער קונד האט געבראַכט זיינע אייגענע ווייצענע מעל און א גרויסן געפלאָכטענעם קויש, וואס פלעגט שפּעטער אנגעפילט ווערן מיט מצות. מיין מוטער איז, פארשטייט זיך, געווען פאררעכנט ביי משה צווישן די ערשטע קונדן.

אין די קנאַפּע פיר וואכן פון דעם „פּאדריאד" האט משה אויסגעזען עפּעס אנדערש ווי א פּשוטער שוסטער, מער אויפגעהייטערט און לעבעדיקער. ער האט זיך געפילט ווי א חשובער און פאראנטוואָרטלעכער מענטש, וואס טוט זייער וויכטיקעס און די קונדן זיינען אָפּהענגיק פון אים. אין א געהויבענער שטימונג פלעגט ער דורכמאכן די עטלעכע וואכן און דעם גאנצן פּסח.

גלייך נאך פּסח האט זיך מענדל ארעס אומגעקערט צום אלטן און משה דער שוסטער איז ווידער געזעסן ביי זיין „ווארשטאט" און צוגעקלאפּט מיטן האמער די דראטווע אין דעם שוך און פון צייט צו צייט מוראדיק געשריען און א הילצערנער קאפּול פלעגט פליען אין דער ריכטונג פון זיין ווייב יאכע...

משה דער שוסטער, דער פּשוטער און ערלעכער, הארעפּאַשנער און וואַרעמער מענטש, איז געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן פון דריטן רייך. ער האט נישט געהאט קיין רעכט צום לעבן, ווייל ער איז געווען

אַ ייד. משה דער שוסטער האָט קיין מאָל נישט דורכ־געמאַכט די אָפּעראַציע אין זיין ברוסט, ווו עס איז געלעגן די יאַפּאַנישע קויל, ווייל ס'איז געווען אַ גע־פאַר פאַר זיין לעבן. אָבער די נאַציס האָבן אָן שום צווייפל אַריינגעשאָסן נאָך עטלעכע קוילן אין זיין ברוסט... ער האָט מער נישט באַדאַרפט דורכמאַכן די אָפּעראַציע... דער וואַרעמער מענטש, משה דער שוס־טער, איינער פון די האַרעפּאַשנע, פשוטע, ערלעכע יידן פון דיסנע וועט אויף אייביק פאַרבלייבן אין אונ־זער זכרון.

#### 4. חצקעל ירוחם'ס (חאַנין)

חאַצקעל ירוחם'ס איז געווען אַ מאַן אין די שפּעטע פערציקער, אַ נידעריקער און זייער אַ קורצזיכטיקער. ווען ער פלעגט אַרונטערנעמען זיינע דיקע ברילן, פלעגן זיינע אויגן זיין האַלב פאַרשמורעט און ער האָט כמעט גאָרנישט געקענט זען אַרום זיך. חאַצקעל האָט חתונה געהאַט, ווען ער איז שוין געווען אַן אַל־טער בחור און דעריבער, ווען ס'איז געקומען זיין ערשט קינד אויף דער וועלט, איז גאַרנישט געווען קיין שיעור צו זיין פרייד. ער האָט עס שטאַרק געליבט און געציטערט איבער דעם. איז גרייט געווען, אַן אַ גוזמא, ווי מען זאָגט, צו שפּרינגען אין פייער און אין וואַסער.

חאַצקעל האָט געהאַט אַ קראָם פון לעדער און זיין פאָטער ירוחם ע"ה און שפּעטער אויך זיין ברודער יאַשקע, האָבן געהאַנדלט מיט לעדער. זיינע קונדן זיינען געווען שוסטערס. שפּעטער פויערים, וואָס פלעגן קומען אין שטאָט אַריין מיט זייערע פּראָדוקטן אויפן מאַרק. אין זיין קראָם פלעגט זיך שטענדיק פילן אַ שווערער גערוך פון לעדער. ער איז נישט געווען פון די גרויסע גבירים, אָבער ער האָט געפירט אַ שיי־נעם לעבן און איז געווען באַוווּסט אין דיסנע אַלס אַן ערלעכער און אנשטענדיקער מענטש. אויך זיין ציכטיקע קליידונג און באַנעמען זיך מיט מענטשן האָט עדות געזאָגט וועגן דעם.

אַלס אַ שכן פון קעגנאיבער דער גאַס פלעג איך אָפט אַריינקומען צו אים אין הויז. כ'בין געוואָרן שטאַרק צוגעבונדן צו זיין ייִנגעלע, וואָס האָט געהאַט אַ קאָפּ געקרייזלטע האָר און איז געווען שיין, געראָטן און קלוג. אויך זיין הויז איז געווען פיין און ציכטיק. די מאָדערנע מעבל איז געווען איינגעאָרדנט מיט געשמאַק. זיין פרוי פלעגט אים אויך אַרויסהעלפן אין געשעפט.

און אַזוי זיינען זיך די יאָרן געגאַנגען זייער נאָ־טירלעכן גאַנג; טייל מאָל מיטרייסנדיק און פאַרשאַפן־דיק טיפע ווונדן אין די מענטשלעכע נשמות און טייל מאָל אויסגלייכנדיק און פאַרהיילנדיק אַלטע ווונדן.

חאַצקעל ירוחמס איז געווען אַריינגעטאָן אין זיינע געשעפטן און דאגות־פּרנסה, אין דעם ווירלזיין פון זיין משפּחה. קיינעם וואָלט קיין מאָל נישט איינגעפאַלן צו דערמאָנען ערגעץ (אויסער זיינע קרובים נאָטירלעך) אַז עס האָט ווען געלעבט אַ מאַן מיט דעם נאָמען. אָבער די ווירקלעכקייט איז געווען אַנדערש...

שווערע, בלייענע וואָלקנס האָבן זיך שנעל אָנגע־רוקט פון מערב און ביז וואָס־ווען, איז שוין פּוילן געוואָרן אַרומגעכאַפּט מיט פייער און צעשטערונג, איז אָפּגעגאַנגען אין טייכן אומשולדיקן יידישן בלוט. די נאַצישע פאַרשיכורטע בעסטיע האָט זיך אַריינגעריסן אין דיסנע ווי אַ ווילדע, אומגעצוימטע חיה. דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט איז מאָמענטאַל פאַרגליווערט געוואָרן און ס'איז איבערגעריסן געוואָרן גענצלעך יעדער קאָנ־טאַקט מיט דער אויסערלעכער, פרייער וועלט. דער ווילדער, אוממענטשלעכער טעראָר איבער די דיסנער יידן האָט זיך אָנגעהויבן באַלד פון דעם ערשטן טאָג. אינגאַנצן אומשולדיקע מענטשן זיינען דערשאָסן גע־וואָרן כמעט טעגלעך אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן. צופעליקע מענטשן פלעגן געכאַפּט ווערן אין די גאַסן. די בעסטיעס מיט די נאַגאַנעס, פאַכנדיק אין זייערע הענט, פלעגן שאַפן גרופּן און נעמען זיי אויף „אַר־בעט", וואָס האָט נאַטירלעך נישט געהאַט קיין זין און קיין ווערט, ווי: פּרווון אַרויסשלעפּן אַ האַלב־פאַרזשאַווערטן טאַנק פון דער דווינע, וואָס איז גע־לעגן נישט ווייט פון דער צושטערטער בריק פון אַ לאַנגער צייט, האַלטנדיק די אומגליקלעכע מענטשן לאַנ־גע שעה'ן מיט די קליידער אין די געפרוירענע דע־צעמבער־וואַסערן; אָדער פאַרשיטן קאַנאַוועס און שפּעטער הייסן זיי אויפגראָבן צוריק און נאָך פיל אַנדערע אויסריידן, כדי צו מאַטערן און פייניקן. דער־ביי איז דער טעראָר געווען גרויזאַם. פיל פון די

געכאַפּטע האָבן זיך שוין קיין מאָל ניט צוריק גע־
קערט לעבעדיקע אַ היים.

שאשקע דעם אַגראַנדניקס מאַן (זיין נאָמען געדענק איך נישט צום באַדויערן) איז געוואָרן געצוווּנגען צו ברענגען א פלעשל קעראָסין אין משך פון פופצן מינוט פון זיין קראָם אויף האַנדלאָווע גאַס ביז צום ענד פון דאָראָשקאָוויטשער בולוואַר. ווער ער איז א פאַרסאַ־פּעטער און אַ דורכגעווייקטער פון שווייס אָנגעקומען אין צייט צום פלאַץ, האָט אים א בעסטיע געצוווּנגען אויסצוטרינקען די קעראָסין! ער איז שוין קיין מאָל נישט צוריק געקומען צו זיין ווייב...

חאַצקעל ירוחמס איז אין איינעם פון די טעג אַריינגעפאַלן אין אַזא גרופּע. באַוואָפנט מיט אַ שווע־רער לאָפּאַטע האָט ער נעבעך געשוויצט און געטאָן די „אַרבעט" ביים פאַרשיטן א קאַנאַווע. פּלוצלונג האָט די הייזעריקע, שיכּורע שטימע פון דער באַוואָ־פנעטער בעסטיע אויסגערופן, אַז די גרופּע זאָל זיך ווענדן לינקס. חאַצקעל זייענדיק זייער קורצזיכטיק און זיינע גראָבע אויגן־גלעזער פאַרלאָפּענע מיט שווייס, וואָס האָבן אים כמעט אינגאַנצן בלינד געמאַכט, האָט נישט באַגריפן אויפן מאָמענט, ווו לינקס מיינט, האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן באַוועגן רעכטס... ער האָט נאָר באַוויזן צו מאַכן עטלעכע געציילטע טריט און צוויי שאָסן האָבן אָפּגעהילכט אין דער לופט. חאַצקעל איז אומגעפאַלן אַ הילפלאָזער און אַ פאַרוווּנדעטער ביים ענדע פון טראָטואַר. ער איז געווען שווער פאַר־וווּנדעט. די גרופּע, אין וועלכער עס האָט זיך אויך געפונען זיין נאָענטער שכן פון קעגנאיבער דער גאַס, איז אויף עטלעכע סעקונדן פאַרגליווערט געוואָרן. יע־דנס אויגן זיינען געווען פול מיט אומבאַשרייבלעכן האַס און פּאַניק. אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט צוצוגיין, זיך אָנבויגן צום קרבן און פאַרלייגן אים הילף, ווייל דער סוף האָט דערוואַרט יעדן איינעם פון דער גרופּע.

די פאַרגליווערטקייט איז פּלוצלונג איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ הילכיקן געשריי פון דער נאַצי־בעס־טיע, פּאַכנדיק מיטן רעוואָלווער אַנטקעגן דער גרופּע מענטשן און אָנווייזנדיק מיט דער לינקער האַנט, אַז דער קערפּער פון חאַצקלען זאָל אַריינגעוואָרפן ווערן אין דער קאַנאַווע, ביי דער זייט פון טראָטואַר, וואָס זיי האָבן נאָך נישט געענדיקט פאַרשיטן. טראָץ דעם פּחד אין זייערע אויגן האָט זיך קיינער נישט גערירט פון אָרט. חאַצקעלס הענט און פיס האָבן זיך געוואָרפן קאָנוווּלסיוו און פון זיין פאַרבלוטיקטן מויל האָבן זיך אַרויסגעריסן שווערע, אומפאַרשטענדלעכע טענער. ער האָט געלעבט און זיך געגוויטיקט אין הילף...

עס האָט אָפּגעהילכט נאָך אַ שאָס. דאָס מאָל אין דער לופט, אַ וואָרנונגס־שאָס און גלייך נאָך דעם האָט די האַנט מיטן רויכנדיקן רעוואָלווער געגומען צילן אין דער גרופּע מענער. זיי האָבן זיך מיט אַ באַל אויס־געניכטערט און אַלע, ווי איינער, האָבן זיך א לאָז געטאָן צו חאַצקלען. זיין קערפּער האָט זיך געצאַפּלט און איז געווען וואַרעם. ער איז געווען לעבעדיק! זיי האָבן אים אויפגעהויבן און צוגעטראָגן צו דער האַלב־פאַרשאָטענער קאַנאַווע און אַראָפּגעלאָזן פאָרזיכטיק אויף דער ערד. מיט ווילדע, אויסגעטאַרטשעטע אויגן האָבן זיי זיך אַ מאָמענט איבערגעקוקט, וואָס ס'האָט באַדייט: ס'איז נישטאָ קיין אויסוועג און קיין ברירה — און האָבן אָנגעהויבן מיט זייערע לאָפּאַטעס צו שאַרן דעם באָדן, צודעקנדיק לאַנגזאַם דעם לעבע־דיקן קערפּער פון חאַצקל ירוחמס... דער מאַן, וואָס האָט מיט זיי צזאַמען געאַרבעט אינגאַנצן מיט איניקע געציילטע מינוטן צוריק.

וויפל צער, היסטעריע, פּיין, אַנגסט און ווייטיק האָט דורכגעלעבט אָט די גרופּע — זיינע אַלטע פריינט און שכנים. זיי האָבן אים צוגעדעקט מיט א דינער שיכט ערד. אַלעמענס פּנימער האָבן אויסגעזען גרוי, ווילד און אימהדיק. זיי האָבן באַשיינפערלעך געזען, ווי די ערד איבער זיין קערפּער האָט זיך באַוועגט!...

אין דעם מאָמענט איז געפאַלן דער באַפעל, אַז די גרופּע זאָל זיך פאַרנעמען צו אַן אנדער פּלאַץ, צו ווייטערדיקער „אַרבעט". די מענער האָבן זיך אומ־היימלעך איבערגעקוקט; פאַרוואַרפן די לאָפּאַטעס אויף די פּלייצעס און האָבן זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן צו דער־ווייטער פון דעם פּלאַץ. אויף דער אנדער זייט טראָ־טואַר, ווו חאַצקעל איז פריער אומגעפאַלן איז געבליבן אַ שוואַרצע, פאַרגליווערטע קאַלוזשע בלוט... ס'איז צוגעקומען נאָך א מאַרטירער צו דער לאַנגער רשימה פון די דיסנער יידן, איידער ס'האָט זיך אַראָפּגעלאָזן

דער גרויסער מבול אויף דער רעשט פון די פארמא־טערטע און פארפייניקטע דיסנער יידן.

און עס ווילט זיך פרעגן: וויפל נאך ניטשעס און היינעס און געטעס האט די בארבארישע דייטשע נאצ־יע געדארפט ארויסגעבן פון זיך, כדי צו שאפן אזעל־כע הענקער, ווי דער, וועלכער האט אזוי מערדעריש־קאלטבלוטיק דערשאסן און געלאזט באגראבן נאך א לעבעדיקן און שוצלאזן ייד? וויפל נאך עקאנאמישע קאנסול־ראטן און דעקלאראציעס וועלן נאך די „פרומע קריסטן" דארפן אפהאלטן, כדי זיך ריינצוואשן פון חאצקעלס אומשולדיק פארגאסענעם בלוט?!

ניין! זיי קענען זיך קיין מאל נישט ריינוואשן און קינס צייכן וועט אויף אייביק פארבלייבן אויף זייערע שטערנס!

דיר, חאצקל און טויזנטער דיסנער הייליקע מאר־טירער וועלן מיר, די לעבן געבליבענע, קיין מאל נישט פארגעסן. מיר וועלן פאראייביקן אייערע אומ־פארגעסלעכע נעמען, ווייל אייערע לעבנס האט איר דער בארבארישער עמלק האט איבער אונז אפגעטאן! אפגעגעבן פאר אונז, כדי מיר זאלן קענען דערציילן פאר די קומענדיקע דורות דאס אומגלויבלעכע, וואס דער בארבארישער עמלק האט איבער אונז אפגעטאן!

## דב סוסנר: **חיל שב לביתו**

באביב שנת 1945 הייתי חיל ביחידה צבאית של הרכבת ברומניה. רוחות אביב קלות החלו מנשבות ועמן בשורת הקץ למלחמה ולסבלותיה. בשיחם ושיגם של האנשים ניתן לחוש בתקוה הגדולה שנעורה בלבם, שהנה הנה ישובו לביתם ולחוג משפחתם. אף אני התיצבתי יום אחד בפני המפקד שהיה יהודי בדרגת אלוף משנה וב־קשתי חופשה לבקר בעירי.

„ודאי ידוע לך דבר האסון הגדול שהמיטו הגר־מנים על היהודים", אמר המפקד כששמע את בקשתי. „למה, איפוא, תסע?"

„אסע כדי לראות בעיני את החורבן", אמרתי. „אסע כדי לבחון אותו זיק של תקוה שבלבי, שמהקרובים לי עוד נותר מי בחיים".

הורשיתי לנסוע. יום וחצי ארכה הנסיעה והזמן חלף מהר. הרהורי נשאוני לדיסנה של ימי ילדותי. מהרהר הייתי ב„חדר" ובבית הספר, בגימנסיה הרוסית ובחברי העליזים שמלאו את רחובותיה של דיסנה. הקי־צותי מהרהורי, כשעברתי בסירה את הדווינה ונתגלה לי, ששוב אין דיסנה קיימת. הכל היה חרב ושרוף. נעלמו הרחובות, נעלמו הבתים ונעלמו גם האנשים. את מקום הבית שלנו מצאתי לפי סמני הסיד שנשארו בקרקע. אדם ראשון שפגשתי היה סטלרונק המסגר. הוא לא הסביר לי פנים והתנהג כמי שמצפונו אינו טהור. המשכתי להסתובב בעיר עד שפגשתי יהודים. פגשתי את משפחת קפלן, את האחיות רוזט, שהיו מורותי לשעבר ואת זלמן־אלי. התחבקנו והתנשקנו כבני משפחה אחת. זלמן־אלי הובילני לסביבת רחוב פולוצק. שם ישנה גבעה קטנה ושם, בקבר האחים, נרצחו גם אחותי ומשפחתה דודי ודודותי. הלב נצבט בכאב והעינים נתלחלחו.

אותה שעה גמלה בי ההחלטה, ששוב לא אתגורר בדיסנה זו, שבה פקד אותנו האסון הגדול. אעלה לארץ ישראל ושם אבנה את חיי מחדש. בארץ שלנו על האדמה שלנו.

## לאה קצנלבוגן: **על אלה אני בוכיה**

דיסנה איננה. ביתנו איננו. אבא ואמא אינם. אחינו ואחיותינו אינם. ילדינו החביבים, היקרים, האהובים, אינם.

שואה גדולה באתם.

ביום מותם הקדוש, יום א' דראש חודש תמוז, חייבים בני עירנו לקרוא לאבל, בכי ומספד. ביום הזכרון חייבים

הם לספר לילדיהם ולנכדיהם את כל הרעה אשר מצא־תם. אחים ואחיות של הוריהם עונו באכזריות. יהודים הומתו במיתות משונות אך ורק משום שנולדו יהודים.

יהודי דיסנה הישרים, ראשי אבות על משפחותיהם. איכה נשמדו בידיהם של הרוצחים הגרמנים. איך תמו לגווע בידי הנוצרים בני המקום.

*

את מאורעות הדמים האיומים, אשר עברו עלינו, רשמתי כשהייתי במצוקה ובקשיים רבים. נעה ונדה הייתי עם ילדי בשדות וביערות, טובלת בבוץ ובגשם, שבורת־לב ונואשת, ערומה ויחפה, רעבה ודואבת. כש־חיות הטרף הגרמנים רדפוני ביריות רוביהם חשתי חובה קדושה לרשום את כל המאורעות האיומים, שבאו על יהודי דיסנה הטהורים אשר נפלו על קידוש־השם.

**דיסנה עיר יפה היתה.**

רחובותיה של דיסנה רחבים היו וישרים ובתי החו־מה שבה גדולים והיתה מגדלת עצים לרוב. ליד נהר הדוינה היו שני גנים צבוריים מלאים אילנות ושדרות של פרחים. יהודים היו רגילים לבוא בהם, אנשים נשים וטף. יש שבאו להינפש ויש שבאו לעיין בספר. תלמידים יהודים מן הגימנסיות, הפולנית והרוסית, בילו כאן שעות נעימות. בצל העצים שחקו יהודים בשחמט ובכ־דור והמולתם מלאה את האויר בצהלה עליזה.

ביותר היו הגנים נאים בשבתות ובמועדים. בני דיס־נה היקרים, חייטים וסנדלרים, סוחרים ועגלונים, המה וילדיהם, סובבו בשבילים כשהם מקושטים בבגדי שבת כבני מלכים. בגנים התקיימו לפעמים ערבי נגינה ורקודים. אז היו הם מוארים בשלל אורות צבעוניים.

**מוסדות של חנוך היו בדיסנה.**

שתי גימנסיות היו בה, אחת פולנית והשניה רוסית. רבים מן המורים בגימנסיה הפולנית היו יהודים, ביניהם ארם ואשתו, סופרין ואשתו ועוד אחרים .גם בין התל־מידים היו יהודים רבים. רוב נערי דיסנה והסביבה סיימו את הגימנסיה הפולנית, והיא שהכשירה רבים מהם ללמודים בבתי ספר גבוהים. כך נעשו רופאים לקח נחום, ביילין אהרון, זאק מוקי, זאב וולף, גריינימן ואח־רים. רבים אחרים נעשו עורכי דין, ביניהם דבורמן מישה, הופמן, שולמן ועוד. רבים נעשו מורים ולימדו בגימנסיה בדיסנה. ביניהם היו גורביץ זאב, רוזט רבקה, רוזט חיה, יפה אברהם, יודין פייבוש, סטרשון מוליה, סמושקוביץ חנה, שולמן סוניה, ויגדרהויז ז׳ניה וקליאט מניה.

מנהלו של בית הספר הרוסי היה היהודי שולמן סיאמה. לימדו בו המורים היהודים קלייף מרה, קצנל־בוגן לאה, פיטוכובסקה ברטה, קוזניצוב מניה ואחרים.

בית־ספר־ערב היה בדיסנה. מנהלו היה מאיר טומר־קין ולידו המורים היהודים לקח מרדכי, יקטן ואחרים.

בית ספר עממי יהודי היה בדיסנה. בו שמשו בהוראה ראובן בסקין, סוניה בסקין, בר קוזלינר, ברזון ועוד. מנהלו של בית הספר היה אלכסנדר גופונג. על סגל המורים בבית הספר הפולני נמנה גם המורה היהודי הירש סלוצקוב.

תלמוד־תורה היה בדיסנה. הרבה תלמידים למדו בו ועליהם מלמדים רבים, ביניהם ברוך־יוסף קולינר ומשה זלמן.

**דיסנה הצטינה במוסדות בריאות.**

בית חולים היה בדיסנה. בית חולים גדול. עבדו בו רופאים יהודים רבים כמו ד״ר לקח נחום, ד״ר גיטל, חתנו של שולמן ועוד. מנהל בית החולים בשנת 1940 היה ד״ר בצלאל ליאסט.

רופאי שנים היו בדיסנה. ביניהם צילה קלמנוביץ (מינץ), פניה רוזט (לקח), אברמזון ועוד.

על החובשים, ה„פלדשרים״, נמנו היהודים יעקב קוזניצוב, דבורה לוין ואחרים.

בעלי בתי מרקחת היו פיליפ ניישטט, יצחק ניישטט, זליבנסקי ואחרים. כן היו בתי מסחר לרפואות. בעליהם היו ישעיהו רוזט, אלכסנדר גופונג והירש שיינקמן.

מילדות היו בילה גרשמן, רעיה אפשטיין ועוד.

**בני דיסנה החזיקו חצרים רבים.**

חצרים נאים ומצוידים היטב היו לאחים קלמנוביץ בנימין ודן. הם קבלום בירושה מאביהם עורך הדין. חצרים נאים היו גם ברשותם של מרדכי קוצ׳ין, שלמה קוצ׳ין, לייב דימנשטיין, משה בימבד, אהרון יזמיר, יצחק יזמיר, יוסף גליעזר, ישראל גליעזר ואחרים.

חצר נאה היה גם לקצנלנבוגן שמואל ז״ל, בעלה של רושמת הרשימות האלה.

שמואל קצנלבוגן היה אדם מוכשר. הוא שלט בשש עשרה שפות. היה ציוני נלהב ונסע בשעתו לארץ ישראל, אלא שלא יכול היה להשאר שם. כשחלה אביו נקרא לחזור ולקבל לידיו את עסקיו. בכור הבנים היה וראה מחובתו להענות לקריאה. הוא חזר ונשאר.

טחנת הקמח של דיסנה היתה שייכת למשה בימבד.

**דיסנה היתה עיר חסידית.**

שמונה בתי כנסת פארו אותה ולא פסקו בהם תפילה ותלמוד תורה לא ביום ולא בלילה. מה נאים היו ימי השבת והמועד בדיסנה. יהודים הלכו לתפילה מלובשים בבגדי תפארתם וחוט של חן וקדושה נתמשך מהם על פני כל העיר כלה.

**ועד קהלה יהודית היה בדיסנה.**

בראש ועד הקהלה עמד אבי, הרב ר׳ שמריהו זלמן יפה ז״ל. הכנסותיו של הועד באו לו ממסי שחיטה וקבורה וכיוצא בזה, והוא קיים את הרב, את השוחטים ואת התלמוד־תורה. כן תמך במוסדות צבור שונים, בעניים, בחולים וביהודים שירדו מנכסיהם.

אבי, הרב ר׳ שמריהו זלמן יפה ז״ל שהיה בצעירותו סוחר יערות נכבד, היה גם בעל השכלה כללית וגם גדול בתורה. הוא ידע בעל פה עשרות דפים מן התלמוד. אם אמרו לפניו מאמר חז״ל ידע לציין באיזה דף הוא כתוב. הוא לא דפדף הרבה, שלף ספר והצביע על הכתוב לאלתר. תלמידי חכמים השתוממו לכוח זכרונו, לעומק תבונתו ולכושר הסברתו. בכל ערב בין מנחה לערבית היה קורא שעור בתלמוד בפני צבור גדול.

מוניטין יצאו לאבי הרב גם מחוץ לתחומי עירו. מכתבים רבים הגיעוהו ממקומות שונים. כותביהם בקשו טובה כלשהי או שאלו בעצתו. אבי הרב היה מעיין בשאלה עיין היטב ולא היה משהה תשובתו. מכתבי התודה שקבל מלאו ארון מיוחד.

ציוני נלהב היה ר׳ שמריהו זלמן יפה ז״ל. שדרים מארץ ישראל, שבאו לאסוף תרומות לקרן הקימת לישראל, נסתיעו בו הרבה. הוא טרח ככל יכלתו להתרים אחרים וגם הרבה לתרום מכספו הוא. אחד מן השדרים, מר לויטנסקי, נמצא בארץ כיום.

**בדיסנה שגשג הבנק העממי הקואופרטיבי היהודי.**

מחזור הכספים שלו היה גדול וסוחרים הרבו להסתיע בו, גם גדולים גם קטנים. סוחרים מעוטי אמצעים קבלו בבנק הלאות ארוכות מועד. יושב ראש הבנק היה אבי, הרב ר׳ שמריהו זלמן יפה ז״ל.

**עיריה היתה בדיסנה.**

רוב חברי מועצת העיר היו יהודים. זקן המועצה היה הרב ר׳ שמריהו זלמן יפה ז״ל. משנה לסגן ראש העיריה היה המורה היהודי שבגימנסיה, מר ארם.

**הסתדרות „החלוץ״ פעלה בדיסנה.**

הסתדרות זו היתה המפורסמת בארגוני הנוער שבדיסנה והאיתנה שבהם. צעירי „החלוץ״ היו פעילים בכל שטחי החיים ומעורים בחיי החברה. כמו בוילנה ובכל מקום סיעה הסתדרות זו להכין את הנוער לעליה לארץ ישראל. רבים מצעירי „החלוץ בדיסנה עלו לארץ.

בדיסנה היו גם ארגונים של בית״ר, בונד ואחרים, אך כל אלה נפלו מהסתדרות „החלוץ״ בגדלם ובכוחם.

בדיסנה היתה קיימת תנועת מחתרת קומוניסטית והיו פעילים בה צעירים יהודים רבים. בשל מסירותם הרבה לאידיאלים שלהם, נתפסו רבים בידי הרשות ונכלאו לשנים רבות. היו גם שנאלצו להמלט ולעבור את הגבול הפולני, שם נעצרו כחשודים בריגול. ארגון מחתרת זה, לא האריך ימים ונתפרק.

בדיסנה היה גם חוג לפעילות חברתית. מנהל החוג היה אלכסנדר גופונג. הרבה זמן ומרץ השקיע א. גופונג בחוג זה. החוג היה מקיים ערבי תרבות לטובת יהודים עניים וחולים.

**מוניטין יצאו לדיסנה כמרכז מסחרי חשוב.**

כל כלו של המסחר היה בידי היהודים.

היו בדיסנה סוחרי יערות. בהם שמואל קצנלנבוגן ז״ל משה בימבד ואחרים. סוחרי היערות היו משגרים סחורתם לריגה לדוינסק ולערים אחרות בלטביה ובפולין. שיירות שיירות של דוברות, עשויות עצי יער, עברו בדיסנה כשהן נעות במורד הנהר. פעמים שהשיירות היו מתעכבות בשל זרמי הנהר העזים או מסבות שונות אחרות. או אז היתה גואה הפרנסה בבתי

העסק השונים, בסחרם עם בעלי הדוברות ועובדיהם.

מוניטין יצאו לדיסנה במסחר בפשתה וזרעיה ובקנ־בוס. סחורה זו היתה משתלחת לערי פולין הגדולות ואף לחוץ לארץ. חשובי הסוחרים היו שמעון לקח, משה קורניץ, כתריאל יפה, אברהם קורניץ, אייזיק סלוצקוב, ישראל גליעזר, יוסף גליעזר, יצחק יזמיר, אהרון יזמיר ויישטט.

מוניטין יצאו לדיסנה במסחר הפירות.

קרונות קרונות של פירות — תפוחים, אגסים וש־זיפים — יצאו מדיסנה לחוץ לארץ ולערי פולין הגדולות. יהודים רבים מצאו בזה את פרנסתם.

דיסנה היתה ידועה גם במסחר הביצים.

מדיסנה יצאו משלוחי ביצים לחוץ לארץ ולערי פולין הגדולות. יהודים רבים מאד התפרנסו בזה. הגדול בסוחרי הביצים היה שמעון לקח.

בדיסנה היו בתי מסחר גדולים לבדים. הידועים שבהם היו של הירש שולמן, יחזקאל ביילין, נפתלי לויט, נחום סמושקוביץ, מאיר שמבד, סשקה פייקין־לוין, שמואל אברמזון, משה קזלינר, איסר וקסמכר, מיכאל וקסמכר, חיינה זק, מרדכי זליק סושקוביץ, פאיה אברמזון, מטליה ויגדרהויז, ברכה ויגדרהויז ועוד ועוד.

בדיסנה היו בתי מסחר גדולים ונאים של גלנטריה. עסקו בכך שלמה קופרמן, רעיה אפשטיין, אמה ברזון־ניבנינסקי ועוד.

בדיסנה היו בתי מסחר לנעלים ועורות. בעליהם היו לייזר ביילין, ינטה גורביץ, יחזקאל חנין, יעקב יעבץ, זלמן פנין, חיה דרניצקי ואחרים.

בתי מסחר לקמח ומיני תבואה היו של יצחק־זאב מינקוב, איזיק אברמזון, שיינקרמן, מכינזון ועוד.

נייר לצפוי קירות וצבעים נמכרו בבית המסחר של שאול ושרה ליפשיץ ועוד.

שעונים וחפצי זהב — בבתי המסחר של יחיאל גריינ־זמן, לייב מינקוב ואחרים.

צרכי ברזל נמכרו אצל שמואל פייקין, מרדכי חנין, זלמן סברדלוב ועוד.

בכלי חרסינה סחרו משה בלכמן, מלכה קופרמן ואחרים.

ספרים ומכשירי כתיבה היו אצל גורקי שצרנסקי, צ׳רנה שולמן ועוד.

בעלי חנויות מכולת היו ציפה אטינגן, זלמן יפה, מירה ליפשיץ, צרטקובסקי, הירש קליאט, גרשון אל־קינד, אריה מקס.

במיני מאפה סחרו אלטר רומר ופאיה אברמזון. בעלי חנויות ללחם וחלות היו סימה דלוגין, חוננקינד וליבה־מרת אברמזון.

בעלי אטליזים היו שרה קופרמן, פינקלשטיין, מנדל־לייב ריסיביץ.

בעלי בתי חרושת לגזוז היו אידל סושקוביץ, לייב מילנר ועוד.

נגריות ומחרטות גדולות ונאות היו לשלמה גריינימן, ישראל מכינזון, יוסף יצחק גריינימן ואחרים.

במסגרות עסק זאב גרינשפן.

כובענים היו הירש דבורמן חנה קונקס ועוד.

ספרים היו הירש דבורמן, כץ, הלמן ואחרים.

תפרים היו מיכאל מרקין, חיים קלופט.

גננים היו משה אהרון שיינקמן, אהרון־דוד פייקין ועוד.

בעלי בתי מלון היו מנדל אברמזון ולייזר רופפה.

צבעים וסידים היו חיים־ישראל חידקל.

בעלי־עגלה — אברהם כץ, חיים רסין וחידקל.

עוד היו בדיסנה חטבים ונפצי פשתן. ועדין לא הזכרנו כל פרנסותיהם של יהודי דיסנה, לפי שאין בכחו של אדם למנות את כל העיסוקים מהם ינקו קיומם.

ככר של שוק היתה במרכזה של דיסנה. בכל יום שלישי וששי היה שם „יום של שוק". אכרי הכפרים שבסביבה היו מביאים לככר השוק מיני תבואה ותפוחי־אדמה, כרוב וחמאה, דבש וחלב וכיוצא בזה. הבאים היו סועדים את לבם במזנון שבככר השוק, הלוא הוא ה„ציינה".

למסחר העצים והפירות היו שוקים מיוחדים.

את כל תוצרתם מכרו אכרי הסביבה בעיר ובה גם קנו כל צרכיהם. היחסים בין הגויים והיהודים היו טובים.

## בפרוץ המלחמה

יום האחד בספטמבר הוא כרגיל יום של שמחה. תלמידים נכנסים בו לבית הספר, מי בפעם הראשונה ומי לאחר חופשתו, והוריהם מלוים אותם בחדוה.

צוגעהערט צו יעדן אויפרייס פון די קוילן, האבן געשוויגן.

ביז שפעט אין אָוונט האבן אין שטאט אויפגעריסן האַרמאַטן־קוילן. ווען עס איז שטיל געוואָרן, זיינען מיר ארויס אין גאס א קוק טאן, וואס עס טוט זיך אין שטאט. דיסנע איז געווען פול מיט רויך און שוועבל. ס׳איז נישט געווען מיט וואס צו אָטעמען און אויך קיין מענטשן האבן זיך נישט געזען אין די גאסן.

פיל קעלערס זיינען איינגעפאלן און די מענטשן זיינען דארט איינגעזונקען געווארן. מען האט געפרוווט אויפגראבן, אבער די ארבעט איז געווען אומזיסט. אנ־דערע קעלערס זיינען געווארן פאַרברענט צוזאַמען מיט די מענטשן. צווישן די פאַרברענטע איז אויך געווען מענדל גילדין מיט זיין טאָכטער.

צו מארגנס האבן ווידער די דייטשן אָנגעהויבן צו ווארפן באָמבעס. א גאַנצן טאג זיינען געפאלן באָמבעס און די שטאט האט גענומען ברענען פון אַלע זייטן. ווען הענדל אבראמזאָנס הויז האט אנגעהויבן ברענען, איז דאס פייער אריבער צו אונזער הויז. מיר האבן געהערט ווי דאס הויז פאלט איין אויפן קעלער. אין קעלער איז געווארן זייער הייס און ס׳איז שוין נישט געווען מיט וואס צו אָטעמען און מיר האבן מורא געהאַט, אַז דער ארקאד פון קעלער זאל נישט איינפאַלן אויף אונז. דאן זיינען מיר אלע אריבער פון צווייטן קעלער אין ערשטן, וואס איז נענטער צום ארויסגאנג. מיר האבן אנגעהויבן צו גיסן וואסער אויף דער אייזערנער טיר.

אין אוונט האבן די שיסערייען אויפגעהערט און מיר זיינען ארויס פון קעלער. די גאנצע שטאט איז געווען אפּגעברענט, נישט געווען קיין גאסן. דיסנע זעט אויס ווי א גרויסער פעלד אָן גאסן, אָן הייזער און אויך קיין מענטשן האט מען נישט געזען. וווּ נישט וווּ האט מען געזען א פייער, וואס ענדיקט פאַרברענען אַ וואַנט פון אַ הויז.

נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק איז דיסנע געווען א שטאט מיט גרויסע און שיינע מויערן, מיט ברייטע גאסן, מיט מענטשן און יעצט... גאָר נישט צו דערקענען. עס נעמט אָן שרעק, אַ פחד. ס׳דוכט זיך, אז ס׳איז נישט דיסנע, אז ס׳איז גאר אַ חלום. כ׳קען זיך נישט צוגע־וווינען צום געדאנק, אַז דאס איז אַ געשענער פאַקט.

די צווייטע זייט דיעסאנקע איז געבליבן אינגאַנצן נישט אָפּגעבערענט. אבער די אייזערנע בריק איז פון די באָמבעס געווארן צושעדיקט. דאַן איז מען נאך געווען נאַאיוו און מען האט זיך נישט פארגעשטעלט אַזעלכע שרעקליכע צייטן, וועלכע מען האט שפעטער איבער־געלעבט.

דעם 2טן יולי 1941 האבן די דייטשן אָקופּירט דיסנע. אין שטאט האַבן זיך געוויזן דייטשע אפיצירן, סאָלדאטן, געקומענע אויף מאַשינען. פיל, פיל קריגס־געפאַנגענע, וועלכע האבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, האָבן זיי געבראַכט אין קלויסטער. פיל פון זיי זיינען געווען יידן. זיי זיינען געשטאַנען אין גאַס און האבן געבעטן אַ שטיקל ברויט, אַ קרטאפל. אבער געבן אַ געפאַנגענעם א שטיקל ברויט האט געדראָהט מיט טויט־שטראַף.

וווסקע מאַכינזאָן האט אַ וואַרף געטאָן אַ געפאנגענעם א שטיקל ברויט און גראד האט דאס באַמערקט אַ דייטש. ער האט זיך נישט געפֿילט און איר נאַכגעלאָפן. ס׳איז איר געלונגען צו אנטלויפן פון אים און זיך באַהאַלטן.

דעם זעלבן טאג, ווען די דייטשן האבן פאַרנומען דיסנע, האט זיך לעבן אונזער קעלער אָפּגעשטעלט אַ מאַשין און אין קעלער זיינען אריין 2 דייטשן, הויכע, יונגע. זיי האבן אַלעמען געהייסן אַרויסגיין פו קעלער אויפן הויף. די דייטשן האבן אנגעהויבן צו באלעבא־טעווען, איבערדרייענדיק אַלעמענס זאכן. וואס זיי איז געפעלן, האבן זיי צוגענומען און אוועקגעגאנגען.

אין אַ פּאר שעה ארום זיינען ווידער געקומען אנדערע אָפיצירן. ווידער געהייסן אלעמען אַרויסגיין פון קעלער. ווידער איבערגעדרייט אלעמענס פעקלעך, זיך געפרעגט ווו מיר האבן באַהאַלטן דאס געווער. ווען מיר האבן געזאגט, אז מיר האבן נישט קיין געווער, האבן זיי צוגענומען אלעס, וואס זיי האבן געוואלט. אזוי עטלעכע מאל אין טאג זיינען זיי געקומען אין קעלער.

ביי חיים גוטקין אין קעלער האט אַ נאַצישער אָפיציר צושלאגן מיט זיין קאנטשיק אַלע יידן דאַרט, ווייל ער האט צוקלאַפּט זיין פוס אויף די טרעפּ פון קעלער. די טרעפּ זיינען געווען צובראכן.

דעם 8־טן יולי זיינען אַריין צו אונז אין קעלער 2 דייטשע אפיצירן און דערזעענדיק ביי מיין פאטער ז״ל

די באָרד, האט איינער פון זיי אים אנגעכאַפּט פאַר דער באָרד און געוואלט מיט כוח זי אַרויסרייסן. איך האב זיך געלאזן לויפן צום פאָטער ז״ל, אבער דא האב איך באַקומען איבערן קאָפּ א שטאַרקן קלאַפּ מיטן קאנטשיק און זיך באגאסן מיט בלוט. פון דאן אָן פלעגט מיין פאטער ז״ל גיין אַרומגעוויקלט די באָרד, כלומרשט ס׳טוען אים וויי די ציינער, כדי מען זאל נישט באמערקן זיין באָרד.

דעם 14־טן יולי האבן די דייטשן אַרויסגעטריבן אַלע מענער פון די קעלערס און זיי געהייסן גיין אויף דעם פּלאַץ נעבן דעם רוסישן קלויסטער. מען האט אלעמען אויסגעשטעלט אין אַ ריי. פון דער ריי האט מען געהייסן א טייל גיין אויף רעכטס און אַ טייל אויף לינקס. די, וועלכע זיינען געווען אויף דער רעכטער זייט, האט מען באלד געהייסן גיין ברענגען לאָפּאטעס; און די, וועלכע זיינען געווען אויף דער לינקער זייט, 10 מאַן, האט מען אויסגעשטעלט אין איין ריי און זיי אויסגעשאסן. פון די דערשאסענע 10 מאן זיינען געווען 7 יידן און 3 קריסטן.

פון די יידן זיינען געווען: יחיאל גריינימאנס 2 זין איסר וואקסמאכערס זון, מרדכי; מיכל וואקסמאכערס זון, איזיע; שצעראנסקי, וועלכער האט געהאט א געשעפט פון שרייב־געצייג; קלופּט לייב און דלוגין פּייוויש. יחיאל גריינימאן איז געקומען מיט א לאָפּאטע און האט אַליין מיט זיינע הענט פאַרשאָטן זיינע צוויי זין. אויך איסר וואקסמאכער האט מקבר געווען זיין אייגענעם זון.

די פּאניק איז אין דיסנע געוואָרן אַ געוואלדיק גרויסע. יידן האבן זיך געריסן די קליידער. די האר פון קאָפּ. ס׳איז שווער זיך פארצושטעלן, וואס עס האט זיך דאן געטאָן צווישן די דיסנער איינוווינער.

די מערדער האבן נאָך דעם געזאָגט, אַז זיי האבן אויסגעשאָסן די 10 מאַן, ווייל זיי האבן איבערגעריסן דעם טעלעפאן־דראט. אבער אין דער ווירקלעכקייט איז נאָך דער טעלעפאן־דראט נישט געווען אפילו אָנגעצויגן.

זיך באַגעגענען מיט א דייטש אין גאס איז געווען א גרויס געפאר. חאצקל גינדין איז געגאנגען דורך דעם גארטן. א דייטש האט דאס געזען, האט ער אַרויס־גענומען זיין פּיסטאלעט און אים דערשאָסן. ניעוו־ניאנסקי לייב האט באגעגנט נישט ווייט פון זיין מויער א דייטש. דער דייטש האט געהייסן ניעווניאנסקין זיך אויסטאן נאקעט און טאַנצן. נאָכער האט ער אים געהייסן לויפן איבערן גאס הין און צוריק, ביז ער האט אים פארטריבן אין קאמענדאנטור, ווו מען האט אים שרעקלעך געפּייניקט און דערנאָך דערשאסן. אַ דייטש האט געטראפן אין גאס פייגע בלאכמאן. ער האט זי אוועקגעפירט צו קישקורינען אין שטוב, וואס איז נעבן אונזער מויער. (די שטוב איז געבליבן נישט אָפּגעברענט). די דייטשן האבן געפּאָדערט, זי זאל זאגן, ווו האבן די יידן באַהאַלטן די גאלד־זאכן און דאס געווער און האבן זי שרעקלעך צושלאָגן.

יעדן טאג האבן די דייטשע מערדער געפירט אין קישקורינס שטוב יידישע קרבנות: חאנאנקינדס טאָכ־טער; דארפמאנס זין און אנדערע. אַזעלכע קרבנות זיינען אין דיסנע געווען פיל. די יידישע אנשטענדיקע קינדער האבן דאן זייער פיל איבערגעלעבט. אייניקע האבן נישט געקענט אַריבערטראָגן זייערע ווייטיקן און האבן געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד.

דעם 22סטן יולי איז אַריינגעקומען צו אונדז אין קעלער א דייטש און געהייסן מיר, שצעראנסקיס פרוי און ריווע אבראמזאָן גיין מיט אים. ער האט אונז געפירט צו גושטשען אין מויער און געהייסן אויפרוימען און אויסוואשן. באלד האבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט, אבער קיין כלים מיט וואס אויפצוראמען זיינען נישט געווען. ווען דער דייטש איז געקומען און געזען, אז די ארבעט איז נאך נישט פאַרענדיקט און מיר רוימען נאך, האט ער ארויסגענומען דעם קאנטשיק און קיין קלעפּ האבן שוין אונז נישט געפעלט.

דעם 3־טן אויגוסט האט די נאַצישע מאַכט אָרויס־געגעבן אַ באפעל, אַז אַלע יידן פון די הייזער און פון די קעלערס זאלן זיך ארויסקלייבן אין געטא. אין געטא האט מען אויך צוזמענגעקליבן די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי: יאזנע, מיקאָלאיעווע, וואלקאווע א.א. אין געטאָ האבן געדארפט אריין אפילו אַזעלכע, וועלכע זיינען געווען יידן מיט 5 דורות צוריק.

פון אנהויב האבן די דייטשן געוואלט מאכן דעם געטאָ אין א קליין געסעלע נעבן דער אייזערנער בריק. פיל יידן האָבן שוין געבראכט אהין זייערע פעקלעך. אבער דערזעענדיק, אז דאס איז אין שטאָט און דער

פלאַץ איז צו קליין, האבן זיי ארויסגעגעבן אַ באַפעל, אז די יידן זאלן זיך אַריינקלייבן אויף זאדיעסאנקע, אין ביידע זייטן הייזער פון פלאצקער גאַס און אויף איין זייט פון גלובאקער גאס, גייענדיק פון דער בריק אויף לינקס. ווי הערינג אין א פאס האט מען אונז אַלעמען צוזאַמענגעפרעסט צו 3—5 משפחות אין איין דירה. גיין אין שטאט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אונטער דער דראונג פון טויט־שטראף. אויף דער אייזערנער בריק איז געווען א וואַך, וואס האט שטרענג קאָנטראָלירט.

באלד נאכן פאַרנעמען דיסנע האבן די דייטשן באַשטימט אלס בירגער־מייסטער סיערגיי סאלנצעוו. זיין ערשטע פאראָרדנונג איז געווען, אַז יעדע משפחה, אומאָפּהענגיק פון צאל, מעג ביי זיך האבן נאר 20 קילאָ מעל, ברויט, אדער תבואה. די איבעריקע מוז מען אָפּגעבן אין משך פון א פאר שעה אין מאגיסטראט. זיין צווייטע פאראָרדנונג איז געווען, אַז אַלע איינוווינער מוזן ארויסנעמען פעסער. דער קאָלאָר פון די פעסער איז געווען פאַרשיידן, אָפּהענגיק פון דער נאַציאָנאַליטעט. ביי די יידן זיינען די פעסער געווען העל געלע. פאר נישט אויספירן די געזעצן האט געדראָהט מיט טויט־שטראף. אלעס איז ביי זיי געווען פארשריבן אין די ביכער מיט גרויסע פינקטלעכקייט.

די באַפעלקערונג האט די אנגעגרייטע פּראָדוקטן געשלעפט צום מאגיסטראט, געשטאנען אין א גרויסער ריי און געווען צופרידן, וואס מען האט ביי זיי צוגענומען אן שום תביעות.

באלד נאָכן פאַרנעמען דיסנע דורך די נאציס, האט מען גענומען טרייבן די יידן אויף אַרבעט. ביי דער אַרבעט האט מען די יידן שטאַרק געמאטערט, געשלאגן אן שום סיבה. דער באפעל אויף צוואנגס־ארבעט איז פאר מענער געווען פון 14 ביז 60 יאר און פאר פרויען פון 16 ביז 50 יאר. אויסצופירן פינקטלעך די ארבעט האבן די דייטשן באשטימט די אָרטיקע קריסטלעכע פּאָליציי: סוויניארסקי איז געווען שעף, חאסיניעוויטש צעשיק, ווראָבליעווסקי זינקע, גאלאגאווסקי ליפּאווע, זיווארע.

אין 3 וואכן אַרום איז אַרויסגעגעבן געווארן א פאַראָרדנונג פון דער דייטשער מאכט, אז אלע יידן — יונגע און אַלטע, אויך קינדער — דארפן טראָגן געלע בענדער (לאטעס) אויפן רעכטן אקסל, ברוסט און ארבל פון זייערע אויבערשטע בגדים, וואס וועט זיי אונטערשיידן פון דער נישט יידישער באַפעלקערונג.

אויך איז געמאָלדן געווארן, אַז פאר יידן איז פאַרבאָטן צו גיין אויפן טראָטואַר. מען טאר נישט ענטפערן אויף זייערע באַגריסונגען. יידן זיינען מחוץ דעם געזעץ. זייער לעבן איז הפקר. פאַר שיסן א ייד קומט נישט קיין שטראָף.

אזוי ווי מען האט די פארדארבענע קריסטן געגעבן אזא פרייהייט, פלעגן זיי זיך גוט איבער אונז נוקם זיין. אין אנהויב פלעגן די יידן זוכן שוץ ביי די עלטערע דייטשע אָפיצירן. אבער זעענדיק, אז די דייטשן לאַכן זיי אויס, זיינען די יידן געוואָרן שטאַרק נידערשלאָגן.

אין אַ קורצער צייט נאָכן פאַרנעמען דיסנע איז אַרויסגעגעבן געוורן אַ פאַראָרדנונג, אז יידן איז פאַרבאטן צו קויפן ביי פויערים שפּייז־פּראָדוקטן. אין די דיסנער געשעפטן האבן אויסגעפעלט: זאַלץ, נאַפט, שוועבעלעך, טאבאק און אנדערע ארטיקלען. דאָרפישע קריסטן פלעגן קומען אין שטאָט, שטיין א גאנצן טאג אין אַ ריי, כדי צו באקומען א ביסל זאַלץ, אַ פעקל טאַבאק, אדער נאפט. זיי פלעגן ברענגען אין שטאט הינער, פוטער, האניג, מילך און אנדערע פּראָדוקטן. אזוי ווי אין די געשעפטן איז גארנישט געווען, פלעגן זיי ביי די שטאָטישע קריסטן אויסבייטן אויף נאפט, זאלץ, אדער טאַבאַק. ס'פלעגט אויך טרעפן זייער אפט, אז די דייטשן פלעגן ביי זיי צונעמען די פוטער, אדער האניג פאר זייער אייגענעם געברויך און פלעגן ארויסגעבן די פויערים אויף דעם א צעטל, אדער באַצאָלן זיי מיט געלט לויט זייער פרייז. אזוי ארום, אז דער קריסט פלעגט קומען א היים אן זאלץ און אן פראדוקטן.

### די יידישע קהלה — יודנראט

אין דיסנער געטא איז געשאפן געווארן א יודנראט. די הויפּט פאַרשטייער פון יודנראט זיינען געווען: אפרים גארדאן און נחום ראכלין. דער שעף פון דער יידישער פּאָליציי איז געווען בער ווייספּאַפּיר. די פליכט פון יודנראט איז געווען אויסצופירן אַלע באפעלן און פאַראָרדנונגען פון דער אָקופּירטער נאַציִשער מאכט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. דער יודנראט האט ארגאַניזירט און אויך באשטימט יידישע ארבעטער פאַר די דייטשן אן אויך פאַר דער קריסטלעכער באפעלקערונג. דער יודנראט איז געווען א כוח, פון וועלכן ס'האט זיך

געווענדעט צו באקומען אַ בעסערע, אדער ערגערע ארבעט. אויך האט דער יודנראַט פארטיילט די שפּייז־פּראדוקטן פאר דער יידישער באפעלקערונג.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם האבן זיך פיל מאל ארבעטער געקריגט און דער לאקאל פון יודנראט איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן און עס איז דאָרטן געווען א גרויסער טומל. פאכלייט, ווי שוסטער, שניי־דער, שטעפער, פריזירער א.א. האבן געארבעט פאַרן פערזענלעכן געברויך פאר די דייטשע הער־שער. זיי פלעגן נייען בגדים, שטיוול פון די צוגערויבטע ביי די יידן סחורה.

די ארבעטער, וועלכע האבן געאַרבעט אויפן אַרבעטס פלאץ, פלעגן אָפּט מאָל מקנא זיין די פאכלייט. זיי האבן גערעכנט, אז פיליכט וועט מען די פאכלייט לאָזן לעבן. אויסער דעם איז די ארבעט אויפן אַרבעטס־פלאַץ גע־ווען זייער א שווערע און אַ געפערלעכע. באַזונדערס פלעגט מען די ארבעטער שטאַרק שלאָגן אן קיין שום סיבה. מען פלעגט זיי שיקן ברעכן ציגל פון די אָפּגעברענטע מויערן אן שום געברויך, נאר כדי די יידן זאלן שטענדיק זיין באשעפטיקט מיט וועלכער עס איז שווערער ארבעט. ביי דער ארבעט פלעגט אָפּט מאל אראָפּפאַלן א ציגל און דערהרגענען א ייד, ווי ס'האט פּאַסירט מיט זלמן אבראמזאָן (קרעסלעס זון) ביי דער צוואנגס־ארבעט: א קוימען איז ארפגעפאלן און אים דערהרגעט.

מען פלעגט די יידישע ארבעטער שיקן רייניקן דעם שניי ביי דער באַן־ליניע. די יידישע אַרבעטער פלעגן דאָרט אָפּט אַריינפאלן אין וואסער, אדער אין א טיפער גרוב, וואס איז געווען באדעקט מיט שניי און פלעגן נאכער אַרבעטן מיט פארפרוירענע פיס. אלס רעזול־טאַט פלעגט ביי זיי געליימט ווערן דער גאנצער קער־פער, ווי ס'האט פּאַסירט מיט חיים לעווין און אנדערע ארבעטער. נאך אזא אַרבעט איז שוין לעווין מער נישט אויפגעשטאנען פון בעט.

די יידישע ארבעטער פלעגט מען שיקן ברעכן דעם אייז אויפן טייך. דער אייז איז געווען דין און די יידישע ארבעטער פלעגן אריינפאלן אין טייך, ווי עס האט פאסירט מיט חידעקלען, וועלכן די ארבעטער האבן מיט גרויסע שוועריקייטן ארויסגעצויגן פון וואסער.

אין דיסנער געטאָ האבן זיך געפונען צוויי יידן, וועלכע האבן געהאט קריסטלעכע פרויען. איינער איז געווען פּארטאַוויטש, וועלכער האט געהאט אַ געשעפט פון וויין און בראָנפן אין דיסנע און דער צווייטער איז געווען הירש, משה דעם קאַטלערס זון. זיין פרוי האט געהייסן נילקע. די ביידע פרויען פלעגן פון אנהויב קומען אין געטא און ברענגען זייערע מענער וואס צו עסן. די פרויען האבן זיך געפונען אין דארף. צום סוף האבן זיי אזוי געזאגט צו זייערע מענער: במילא וועט מען זיי אויסשיסן, איז צו וואס דארפן זיי האבן זייערע זאַכן? זיי אליין האָבן צוגענומען ביי זייערע מענער די זאכן און אויך עסן האבן זיי אויפגעהערט צו ברענגען.

פּארטאַוויטש, וועלכער האט געהאַט אַ גרויס פאַר־מעגן, האט נישט געהאַט וואס צו פארקויפן און אויס־בייטן אויף אַ שטיקל ברויט. ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט הירשן, משה דעם קאַטלערס זון.

דעם 1־טן סעפטעמבער, ווי געוויינלעך, האבן זיך אָנגעהויבן אין שול די לימודים. אַלע קריסטלעכע קינדער זיינען אוועק לערנען אין דער שול, וואס האט זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט טייך, אויסערן געטאָ. אבער פאַר די יידישע קינדער איז דאס לערנען געווען פארבאטן. די יידישע קינדער, פון 14 יאר אַן, זיינען געגאנגען צו צוואנגס־ארבעט. די קלענערע קינדער האבן פון אנהויב געקוקט מיט גרויס פארדרוס, ווי די קריסטלעכע קינדער גייען מיט די ביכער אין שול לערנען. אבער נאָכער האבן זיי געזאגט: „וואס איז יעצט פאַר אַ לערע? ווי קאן מען יעצט טראַכטן וועגן לימודים, ווען יעדן טאג קען מען אונז אלעמען אויסמאָרדן? מיר וועלן בעסער קלערן ווי אזוי צו בלייבן לעבן. נאר ווי אזוי בלייבט מען לעבן אט דאס איז יעצט די גרעסטע פראגע״.

ס'איז זייער שווער איבערצוגעבן, וואס פאַראַ שרעק־לעכע שטימונג איז דאן געווען ביי די יידישע קינדער.

דעם 13־טן אקטאבער 1941, וואס ס'איז דאן אויס־געקומען מאנטיק און דינסטיק איז געווען שמחת־תורה, האט מיין פאטער ז״ל באקומען פון גלובאקער רב הרב כץ ז״ל א צעטעלע, אין וועלכן הרב כץ ז״ל האט גע־שריבן: „מיר יידן זיינען אריינגעפאלן אין זייער א שלעכטער נעץ און איך ווייס נישט, אויב מיר וועלן פון

איר קענען זיך ארויספּלאָנטערן״. מײַ פאטער ז״ל האט דעם צעטעלע איבערגעלייענט בשעתן דאווענען. אלע יידן האבן געוווּסט פון דעם און פלעגן קומען צו אונז פרעגן, צי ס׳איז ריכטיק, אז מיר זיינען פארפאלן. אויף דעם פלעגט מיין פאטער ז״ל ענטפערן: „פּיליכט וועט זיך פאר אונז אָננעמען אמעריקע, אדער אן אנדער לאנד. אבער אויף אזא נס טארן מיר זיך נישט פארלאזן. מיר דארפן אליין זוכן וועגן, ווי אזוי זיך צו ראַטעווען״.

איין מאל זיצנדיק ביי אונדז אין שטוב רופט זיך אָפּ יחזקאל ביילין ז״ל און ווענדט זיך צו מיין מאַן ז״ל: „ווי רעכנט איר, מיינע קינדער אין ישראל ווייסן, וואס דא קומט פאָר? איך האב דאך אין ישראל א טאכטער הינדע און א זון יצחק!״ „ווייסן, ווייסן זיי זיכער פון ראַדיאָ און לעבן דארט נישט ווייניק איבער, אבער צי זיי קענען אונז העלפן, איז א גרויסע פראגע״ — האט מיין מאן געענטפערט.

זייער פיל האבן דאַן איבערגעלעבט נחום און זיין פרוי סאניע סמושקאוויץ, וואס זייערע קינדער חנה און זיסליע זיינען נישט געווען מיט זיי אין דיסנע.

דא דארף מען דערמאנען צום גוטן דעם דיסנער קריסט יאַן זאלנעראוויטש. אין דער צייט, ווען פיל קריסטן האבן געוואַרט אויף דאס יידישע גוטס, פלעגט יאַן זאלנעראוויטש ברענגען אויף א שיפל אין געטא פאר אונז פיש און אויך פאַר סמושקאוויטשן און אנדערע יידן. ער פלעגט אליין די פיש פאנגען און קיין געלט נישט נעמען. נאך ווייניק וואס: זאלנעראוויטש האט אין יענער שווערער צייט זיך דערקליבן קיין ביאליסטאָק אין געטא, ווו ס׳האט זיך געפונען סמושקאוויטשעס טאכטער זיסליע. אָוועקגעפירט איר זאכן צום אָנטאָן און געבראכט פון איר א צעטעלע. ער האט נאך געדער־כנט אָפּפירן זאכן פאר חנהן אין לוואוו. פאר אזא טאט האט זאלנעראוויטש פארדינט, אז ער זאל פארעכנט ווערן צווישן די חסידי אומות העולם.

דעם 26־טן נאוועמבער בין איך אוועק אין מארק קויפן וואס צום עסן, ווי איך פלעג דאס אפט מאל טאָן. די געלע לאטע האב איך אראָפּגענומען. אויפן אייזער־נעם בריק האט מען מיך נישט באַמערקט. אויך די גאסן פון שטאט בין איך דורכגעגאנגען בשלום און קיינעם נישט געטראפן. אין מארק בין איך צו צו א וואגן, ווו ס׳איז געלעגן קרויט. אבער דא, פּלוצלונג, האט מען גענומען שרייען: „יודע! יודע!״ שוין האב איך אוועק־געוואָרפן די קרויט און זיך געלאזן לויפן איבערן מארק. אבער מען איז מיר נאכגעלאפן. כ׳האב באקומען אַ שטאַרקן שמיץ איבערן פּלייצע מיט א קאנטשיק. קוים מיט דער נשמה בין איך געקומען אין שטוב. פון גרויס אויפרעגונג און איבערלעבונג בין איך עטלעכע טעג געלעגן צו בעט.

דער ווינטער איז דאַן געווען א שטרענגער און ווו צו קריגן א שייטל האלץ איז נישט געווען. אַן אַרבעטער גייענדיק א היים פון דער צוואנגס־ארבעט, פלעגט ווען ברענגען א שטיקל האלץ פון א אפּגעבראָכענעם הויז, פאר־וואס עס האט אים געדראָהט טויט־שטראָף.

אויך מיט באַלייכטונג איז אין געטאָ געווען זייער שווער. מען פלעגט צינדן א קאַפּטילקע. אבער מערסטן טייל איז מען געזעסן אין דער פינצטער. אויך מיטן קאָכן איז אין געטא געווען זייער ביטער. איין אויוון אויף 6—8 משפחות — קאָן מען זיך שוין פארשטעלן. אזוי ארום האט מען שוין נישט געקאָכט און נישט געגעסן.

נישט קוקנדיק, וואס די יידן אין געטאָ האבן געלעבט זייער ענג, איז אין געטא געווען זויבער. האלטן זיך ריין איז געווען אלעמענס אינטערעס און איינער האט געהיט דעם צווייטן. אויסערן געטאָ, ביי די קריסטן, האט געהערשט דער טיפוס מיט פיל טויט־פאלן. אין געטאָ, ווו מען האט זיך געשטיקט פון ענגשאפט און נישט דערעסן צו זאט, האט די עפּידעמיע נישט דערגרייכט.

די קינדער פלעגן זיך שפילן פריילעך און מונ־טער אויף דעם איינציקן שטיקל זאמדיקן שטח, וואס האט זיך געפונען אין געטאָ. איין מאל אין מיטן זייער שפּיל, האבן זיי זיך אָן עפּעס דערמאָנט און זיינען געווארן זייער טרויעריק. האבן זיך אַוועק־געזעצט אויף אָ ברעט, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן (צווישן די קינדער זיינען אויך געווען שמשון און ברכהלע ראסיצאן, שמואלס קינדער) און האבן גערעדט צווישן זיך שטיל. גערעדט האבן זיי וועגן דעם זעלבן, וואס אלע גרויסע אין געטאָ. זיי האבן זייער גוט געוווּסט, אז קינדער וועלן זיין די ערשטע קרבנות פון דער דייטשער אקציע און זיי האבן געזוכט עצות, געמאכט פּלענער, ווי אזוי זיך צו ראַטעווען

פון די דייטשע מערדערישע הענט. דער פּלוצלונדי־קער טומל אין געטא האט צוגעצויגן זייער אויפ־מערקזאמקייט און זיי האבן שנעל איבערגעריסן זייער אינטימען שמועס און זיינען זיך צולאפן דער־שראקענע זעען, וואס ס׳האט פאסירט.

ס׳זיינען דאן געקומען שליחים פון יודנראט אָנ־זאָגן, אז מען האט פארגרעסערט די צאל יידישע אַרבעטער.

די מענטשן, וועלכע פלעגן שטארבן אין געטא האט מען לויט א ספעציעלער דערלויבעניש פון דער קאמענדאנטור מקבר געווען אויפן יידישן בית־עולם, וואס האט זיך געפונען הינטער דער שטאט, אויסער דעם געטא. דאן האבן די יידן געמעגט גיין צו דער לויה דורך דער שטאט. די יידן האבן געפילט זייער ביטערע לאגע און פלעגן זאגן, אז די געשטארבענע איז פיל בעסער: זיי זיינען געשטארבן מיט זייער נאַטירלעכן טויט און ליגן צווישן די יידן אויפן יידישן בית־עולם.

קיין דאקטאר איז אין געטא נישט געווען. ווען ס׳פלעגט ווער פון די יידן קראנק ווערן, פלעגט מען גיין צו גאפונג אלעקסאנדער, אָדער געלמאן חנה־לאה. זיי האבן דאן געארבעט אין אפטייק פון דער דייטשער מאכט און זיי פלעגן באהאלטענערהייט ברענגען אַ רפואה פאר דעם קראנקן. ווען די דייטשן וואלטן געוווסט, אז די יידישע ארבעטער טראגן ארויס רפואות פאר די יידישע קראנקע — וואלטן זיי גלייך אויפן ארט באקומען זייער שטראָף — טויט־שטראָף.

נישט קוקנדיק, וואס די יידן האבן שוין אָפּגעגעבן זייער פארמעגן די דייטשן, איז אין אנהויב יאנואר 1942 אנגעקומען אין יודנראט אַ שטרענגער באפעל פון דער דייטשער מאכט, אז אלע יידן מוזן אין משך פון איין טאָג אָפּגעבן אַלע זייערע ווערט־זאכן, ווי גאלד, גאלדענע זייגערס, גאלדענע אוירינגלעך, גאלדענע פינגערלעך, צירונג, ברילִיאנטן, פערל, זיל־בער, זילבערנע לייכטער, זילבערנע חפצים, מעעשענע חפצים, ווי אויך געלט־פּאַפּירן, אין וועלכן ווערט דאס זאל נישט זיין. יידן טארן נישט באזיצן קיין שום אייגנטום!

די דיסנער יידן זיינען געשטאנען אין א לאנגער ריי, האבן געבראכט און אָפּגעגעבן זייערע טייערסטע ווערט־זאכן, טייערסטע חפצים, וואס ווער ווייס פון וויפל דורות, וואס זיי האבן געירשנט פון זייערע עלטערן, זיידעס און עלטער־זיידעס. די יידן האבן געוואלט, אז די דייטשן זאלן דאס וואס שנעלער צונעמען און שום בלבולים, און שום געשלעג, אבי נאָר בלייבן לעבן.

אין א פּאָר טעג ארום איז ווידער אָנגעקומען פון דער דייטשער מאכט אַ פרישער באַפעל (אלץ אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף), אז אלע יידן מוזן אין משך פון טאג אָפּגעבן זייערע פּלעצן, שטאָף, קאָסטיומען, מאַנטלען, פוטערס, לעדער א.א.וו. און ווידער זיינען די יידן געשטאנען אין א לאנגער ריי. מען קאן גארנישט באשרייבן ווי גרויס ס׳איז געווען דער פּחד. מען איז גרייט געווען צו פארבלייבן אין איין העמד, אבי נאר צו בלייבן לעבן. מ׳האט גערע־כנט, אז אויב מען וועט אלץ אפגעבן דער דייטשער מאכט, פיליכט וועלן זיי לאזן לעבן.

זייער אפט פלעגן די דייטשן קומען אין געטאָ, כדי א ביסל זיך דורכשפּאצירן דורך די גאסן. דאן פלעגט ווערן א גרויסער חורבן אין געטא. אלע יידן, אויך די קינדער, פלעגן זיך באהאלטן אין די הייזער. די גאסן פלעגן ווערן פוסט פון מענטשן. אבער די מערדער פלעגן נישט קענען דורכגיין און קיינעם נישט אנרירן. אלעס האט זיי געשטערט. לויפט דורך א קאץ — נעמען זיי ארויס זייער פיסטאָלעט און דערשיסן איר; ווען א פויגל פליט דורך — גלייך דערשיסט מען איר. אלעס איז געווען פאר זיי איבע־ריק, אלעס האט זיי געשטערט.

דעם 18־טן פעברואר 1942 האב איך געטראָפן מיינע חברטעס ראיע קאלמאנאוויטש (רומער) און סאניע ווייגדערהויז (לאפּיד) ז״ל. און אט דערציילן זיי מיר, אז זיי האבן געהערט, אז פון פּאלאצקער גאס קומען קריסטן און דערציילן וועגן פארטיזאנער. איך בין אוועק מיט סאניען ז״ל אהין זען די קריסטן, וועלכע דערציילן וועגן די פארטיזאנער, אבער מיר האבן זיי נישט געטראָפן.

אויף מארגנס אין אוונט, ווען איך בין אריין אין שטוב, איז אין עטלעכע מינוט ארום אַריין אַ הויכער קריסט, אַ יונגער. דערזעענדיק מיך, האט ער זיך אָפּגערופן: „וואס זיצט איר דא יידן? מען וועט דאך

איך דא אלעמען אויסשיסן. גייט וואס גיכער אין וואלד! דארט זיינען דא פארטיזאנער". איך פרעג אים: „אין וועלכן וואלד?"

— אין אַלע וועלדער זיינען זיי דא! — ענטפערט ער מיר.

— ווו דארף מען גיין, אויף וועלכע וועגן? — פרעג איך ווידער.

— אין אלע וועגן וועט איר זיי טרעפן — ענטפערט ער מיר ווידער.

כ'האב דערציילט מיין פאטער ז"ל און ער האט דערציילט די יידן ביים דאווננען. ער האט געראטן די יונגוואַרג זיך צו פארבינדן מיט די פארטיזאנער, פיליכט וועלן זיי אליין זיך קענען ראטעווען און נאך אונז אפשר העלפן.

— פארלירן איז נישטא וואס! — האט געזאגט מיין פאטער ז"ל.

די יוגנט האט זיך באצויגן צו מיין פאטערס רייד מיט גרויס צוטרוי. עטלעכע מוטיקע, יונגע בחורים זיינען אוועק אין די וועלדער. צווישן זיי איז געווען איינער א פאלאצקער, וועלכער האט געזאגט, אז ער ווייס גוט די וועגן. אבער אַפּוואלגערנדיק זיך א פּאר וואכן אין די וועלדער האבן זיי זיך צוריק געקערט מיט גארנישט. זיי האבן געזאגט: „מיר זיינען געווען אין פיל וועלדער, דורכגעמאכט פיל קילאָמעטערס, געקומען מיט געשוואלענע אָנו קאַליקע פיס און קיין איין פאַרטיזאנער נישט געטראפן. עס איז אן אויס־געקלערטע זאך!"

פארשטייט זיך, אז דאן זיינען נאך די פארטיזאנער נישט ארומגעגאנגען פריי אין די וועלדער. זיי זיינען געווען גוט פארמאסקירט. עס פלעגט אויך אפט טרעפן, אז מען פלעגט הערן רעדן אַ פארטיזאן און ניש געוווסט ווו ער איז, ווי מיר האבן דאס שפעטער געזען.

די גרעסטע טייל פון דער דיסנער יוגנט, די מוטיקסטע, איז געווען גרייט און דעצידירט צו קעמפן פאר זייער לעבן און פאר דעם לעבן פון דער יידי־שער באפעלקערונג און שטארבן מיט כבוד. אבער די זאך איז נישט געווען אזוי לייכט, נישט אזוי איינפאך.

אייניקע דיסנער יידישע בחורים זיינען אוועק און זיי האט זיך איינגעגעבן צו טרעפן פאַרטיזאנער. זיי האבן צוזאמענגעארבעט מיט די פארטיזאַנער און אויסגעפירט די גרעסטע אויפגאבעס. שפעטער האבן מיר געטראפן אין וואלד: חידעקעל משה'קע, וועלכער האט געארבעט ביי אידל סושאקאוויטש אין זאוואַד און כץ שלמה (מוליע), וועלכער האט זיך אפילו אויסגעצייכנט.

אין דיסנע זיינען פארבליבן ניט פיל פון דער יוגנט, ווייל דעם גרעסטן טייל האט מען געַנומען אויף דער מלחמה. די פארבליבענע יוגנטלעכע האבן יעדן טאג געמוזט גיין אויף צוואנגס־ארבעט. קיין געווער צום קעמפן איז נישט געווען.

אייניקע דיסנער יידן זיינען אוועקגעפאָרן פון דיסנע אין א צווייטן געטאָ צו זייערע קרובים און זיינען דארט אומגעקומען, ווי: שולמאן הירש מיט זיין פרוי בעלע און זון אברהם — אין לוזשקי; ביילין לייזער מיט זיין פרוי פאניע און קינדער מיט דער מוטער גורעוויטש יענטע — אין גלובאַק; מאכינזאן חנה מיט אירע 2 טעכטער, ווּסקע און ראיע — אין מיאר; גוטקין חיים מיט זיין פרוי און צווי קינדער — אין ברעסלאוו; גריינימאן שלמה מיט זיין פרוי קאטיע און קינדער — אין גלובאק; מאכינזאן ישראל מיט זיי פרוי או קינדער — אין גלובאק; יפה גרוניע מיט איר טאכטער — אין דרויע; גלעזער ישראל מיט זיין פרוי פאניע און 2 קידער — אין זיאבקע; זעלוויאנסקי דער אפטייקער מיט זיין פרוי און 2 קינדער (מען זאגט, אז איינע פון די קינדער איז געבליבן לעבן) — אין זיאבקי; לקח שמעון מיט זיין פרוי און קינדער — אין גלובאק.

פעברואר 1942 איז ארויסגעגעבן געווארן אַ פאַר־ארדנונג, אז מ'זאל פארקלענערן די צאל שפייז־קאַרטן פאר דער יידישער באפעקערונג אויף50%. ביז יעצט פלעגן די יידן באקומען צו 100 גראם ברויט א טאָג און 200 גראם צוקער חודשלעך אויף אַ פערזאן. די איינשפּאַרונג, ווי די נאצישע מאכט האט זיך אויס־געדריקט, איז ווייל די פוילישע דארפישע באפעל־קערונג האט נישט צוגעשטעלט די באשטימטע קאנ־טיגענטן. אבער אין דער ווירקלעכקייט איז די סיבה געווען גאר אַן אנדערע, ווי מיר האבן זיך שפעטער דערוווּסט. די דייטשע מערדער האבן אנגעהויבן אין

די אָקופּירטע ערטער די מאַסן־פאַרניכטונג פון די יידן.

אין אנהויב מערץ 1942 האט די דייטשע מאכט אויפגעהאנגען אין דיסנער געטא עטלעכע עקלהאפטע בילדער. איין בילד האט פארגעשטעלט א שווארצן ייד מיט א לאנגער נאז, ווי ער דרייט זיך ארויס פון אַרבעט. א צווייטער בילד: די עלעגאנטע דייטשע אפיצירן שפּאַצירן מיט רוסישע מיידלעך אונטערן האנט לעבן דער וואלגע; א דריטער בילד: די אויסגעפוצטע דייטשע אָפיצירן מיט די ווייסע הענטשקעס און סיגארעטן שפּאצירן אויף קאווקאז.

ווי נאר די דייטשן האבן אָקופּירט דיסנע האבן זיי געזאגט, אז אין משך פון 14 טעג וועלן זיי זיין אין מאָסקווע. אין די ערשטע טעג פון מערץ 1942 זיינען דורכן דיסנער געטא דורכגעגאנגען מיליטערישע אָפּטיילונגען. יעצט האט דאס דייטשע מיליטער נישט געמאכט אזא איינדרוק, ווי די ערשטע מאָטאָריזירטע אָפּטיילונגען און די מענטשן זיינען אויך געווען גאנץ אנדערע, ווי אין די ערשטע טעג. דאס זיינען שוין געווען נישט קיין אויסדערווײלטע יונגע, הויכע, געזונטע און פאריסענע זשלאבעס, געקליידעט אין נייע מונדירן מיט בלישטשעדיקע שטיוול. יעצט זיינען שוין געגאנגען מיטליאָריקע מענטשן, געקליידעט אין אָפּגעקראָכענע מלבושים, מידע, קוים וואס זיי האבן זיך געהאלטן אויף די פיס, באשוכט מיט אומגעלומפּערטע שטיוול.

דורכן געטא פלעגן דורכגיין דארפישע קריסטן און מיר פלעגן פאר א קארטאפל, א פלעשל מילך, אַ שטיקל ברויט אָפּגעבן דאס לעצטע, וואס מיר האבן פארמאגט. ווען א דייטש וואלט באמערקט, אז א קריסט שטעלט זיך אָפּ אין געטא, איז דאס געווען א געפאר סיי פאר דעם קריסט און סיי פאר דעם ייד. מ׳וואלט זיי באלד אָפּגעפירט אין קאָמענדאנטור און עס האט זיי געדראָהט טויט־שטראף.

דעם 13־טן מערץ 1942 האט א דייטש באַמערקט, אז א קריסט האט זיך אפגעשטעלט לעבן איטשע־וועליע מינקאָוו און האט אריינגעטראגן אין שטוב ציבעלע. דער דייטש איז אריין צו מינקאָוון אין שטוב, האט פונאנדערגעשאטן די ציבעלע און האט געהייסן מינקאָוון גיין מיט אים אין קאמענדאנטור. מינקאוו האט געזאגט, אז דער קריסט האט אויף א ווײלע געלאזן די ציבעלע און באלד וועט ער עס צונעמען. קיין רייד האבן נישט געהאלפן. זיין טאכטער, שפרה מינקאָוו, איז אוועק אנשטאט איר פאטער אין קאמענדאנטור. אָבער ס׳איז געשען א נס און איר איז געלונגען זיך אַרויסצודרייען און קומען א היים.

אין איינע פון די שרעקלעכע טעג, אין טאג פון אויסשיסן דעם פראזאראקער געטאָ, איז געקומען מיין פאטער ז״ל און האט דערציילט, אז הירש קלאט׳ס טאכטער איז געקומען פארטאג צולויפן אָ נאַקעטע פון פראזאראָק קוים מיט דער נשמה. זי האָט דערציילט, אז מען האט צוזאמענגעקליבן אלע יידן פון פראזאראק, געהייסן זיי זיך אויסטאן נאַקעט, צושטעלט אַלעמען און זיי אויסגעשאסן. מיט א גרויסן נס איז איר געלונגען זיך צו ראטעווען און אנטלויפן אין דיסנער געטא.

ערב פסח 12 אזייגער בייטאג האבן זיך צו אונז אַריינגעלאָזן אין שטוב צוויי געסטאפּאָווצעס מיט אָ פאליציאנט. זיי האבן געהייסן שמואל ראסיצאן זיך אָנטאָן, כדי אים מיטצונעמען.

— אויף א צייט נעמט איר אים? — האט געפרעגט זיין עלטערע טאכטער חיה־העניע.

— באלד וועט ער צוריק קומען.

אָבער חיה־העניע האט גוט געוווסט, אז זיי וועלן אים שוין נישט אפלאזן און זי זעט איר פאטער צום לעצטן מאל. ווי נאר שמואל האט פאַרמאכט די טיר, האט זי זיך א ווארף געטאן אויף דער פאדלאגע מיט א גרויס געוויין און נאך איר די פינף איבערגעבליבענע קליינע קינדער. דא נישט לאנג איז געשטארבן זייער יונגע מוטער, איבערלאזנדיק א וויג־קינד און יעצט האט מען צוגענומען זייער שפייזער פון שטוב, צוגענומען צום שיסן. און ווער ווייס, אויב באלד, באלד וועט מען נישט קומען צונעמען די איבערגעבליבענע. ווי געליימטע זיינען מיר שטיין געבליבן אָן לשון.

שמואלס זון איז געקומען פון צוואנגס־ארבעט אהיים און האט שוין זיין פאָטער נישט געטראָפן. „אפילו זיך נישט אָפּגעזעגנט” — האט ער געזאגט. אין עטלעכע שעה ארום האבן מיר געהערט שיסערייען. אין יענעם טאג האט מען אויך געשאסן אהרן

גרוניעס. זיין שיינע און גערצטענע טאָכטער האָט זיך געלאָזן לויפן נאָכן פאָטער. זי האָט געוואָלט גיין אַנשטאָט אים. אָבער די מערדער האָבן אויך איר צוגענומען, אַוועקגעפירט און דערשאָסן.

אין יענעם טאָג האָט מען דערשאָסן: קליאַט נחום, זון פון מרדכי; עפּשטיין יוסף (דער פאָטאָגראַף) און זיין זון זלמן; קליאַט טעוויל; פוקס יוסף; פוקס העניע; שאַצמאַן הירש; קליאַט רפאל׳ס פרוי, ראָסיצאַן דבורה; פוקס זלמן טשערניצקי רפאל; קליאַר איסר; סיערקין שלמה; יעקב פון באַלאַגאַן; מאַכינזאָן לייב; קליאַט אברהם־לייב; יאַקטאַן בצלאל; קונקעס אברהם הירש; פּיסמאַן ניורא; פּראַגער ראובן, מילנער פייוועל; טומאַרקין משה־אהרון; כהן בן־ציון און זיין פרוי סימע.

ווי כ׳האָב שוין פריִער דערמאָנט, איז שולמאַן הירש מיט זיין משפחה אַרויסגעפאָרן פון דיסנע אין לוזשקיער געטאָ. זיין טאָכטער, פרומע, זייענדיק אויף צוואַנגסאַרבעט האָט פּלוצלונג דערזען, אַז מען האָט אַוועקגעפירט אירע עלטערן שיסן, איז זי אַנטלאָפן אין וואַלד. אָבער זיך אָפּוואַלגערנדיק אַליין עטלעכע טעג און נעכט, אין קעלט און נעץ, איז ביי איר געשוואָלן געוואָרן די פיס. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז נישט ווייט פון לוזשקי געפינט זיך זייער אַן אַמאָליקער גוטער פריינט „ראַמזע״. מיט געשוואָלענע פיס, איינגאַנצן אַ צובראָכענע, קוים מיט דער נשמה, איז זי דערקראָכן צו ראַמזען אין שטוב. אָבער לאַנג האָבן אירע „גוטע פריינט״ זי נישט געהאַלטן. אין עטלעכע שעה אַרום האָבן זיי איר געזאָגט, אַז זיי וועלן איר אָפּפירן אין דיסנער געטאָ צו די דיסנער יידן. אָבער אַנשטאָט איר צו ברענגען אין דיסנער געטאָ, האָט איר ראַמזע געבראַכט אין דיסנער קאָמענדאַנטור. איר אָפּגעגעבן דירעקט דער דייטשער מאַכט אין די הענט. פאַר דעם האָט ער געפאָדערט טויזנט מאַרק און אַ פּעקל סיגאַרעטן, ווייל די דייטשע מאַכט האָט געהאַט אויפגעהאַנגען אַ צעטל, אַז ווער עס וועט ברענגען אַ ייד, אָדער אַ שפּיאָן, וועלן זיי באַצאָלן תיכף טויזנט מאַרק און סיגאַרעטן.

קיין געלט און קיין סיגאַרעטן האָט ראַמזע נישט באַקומען. מען האָט אים צוגעזאָגט אַריינשיקן אין שטוב. ווען עס האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט די דיסנער יידן פון געטאָ, האָבן זיי דאָס לעצטע, וואָס זיי האָבן געלאָזן פאַר זיך אויף שפּייז, געגעבן דעם יודנראַט — געלט און זאַכן — אויסצוקויפן פרומען. מען האָט זי אויף אַ פור געבראַכט אין געטאָ.

ווען איך האָב דערזען פרומען, האָב איך איר גאָרנישט דערקענט. דאָס געזיכט איז ביי איר געווען געל און געשוואָלן. די אויגן האָבן זיך נישט געזען און אַלע אירע שטריכן זיינען געווען גאָר אַנדערש. אויף די פיס האָט זי נישט געקענט שטיין. די הענט האָבן זיך ביי איר געטרייסלט. די ווערטער זיינען ביי איר געווען אָפּגעהאַקטע און נישט דייטלעכע.

געבראַכט האָט מען זי צו נחום סמושקאָוויטש. זיי האָבן איר אַוועקגעלייגט אויף זייער געלעגער, געגעבן צו טרינקען. אָבער פרומע איז געווען זייער צוטומלט, האָט גאָרנישט געוווּסט, וואָס מיט איר טוט זיך, ווו זי געפינט זיך און ווער עס גייט אַרום איר.

די לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. סוף מאַי האָט מען אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז ס׳זיינען געקומען אויף אַ מאַשין געסטאַפּאָווצעס און מען וועט אונדז אַלעמען אויסמאָרדן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ טומל ס׳איז געוואָרן אין געטאָ. אָבער די מאַשין מיט די געסטאַפּאָווצעס איז באַלד אַוועקגעפאָרן פון דיסנע און ס׳איז אַריבער אָן קרבנות.

די יידן האָבן זיך אַביסל באַרויִקט. אָבער גאַנצע נעכט פלעגט מען אַרומגיין אין גאַס און היטן, ווייל די לאַגע איז געווען זייער אַן אָנגעשטרענגטע.

זונטיק, דעם 14־טן יוני 1942, שפּעט, בין איך געקומען זייער מיד. כ׳האָב געבראַכט פּראָדוקטן. כ׳האָב זיך געלייגט שלאָפן, אָבער נישט געקענט איינשלאָפן פון מידקייט. פּלוצלונג האָב איך דערהערט טריט אַרום אונזערע פענצטער. איך גיב אַ קוק: דער זייגער איז 2 ביינאַכט. כ׳גיי צו צום פענצטער, כ׳זע: מיכל מערקין לויפט און קוקט זיך אום אויף הינטן. די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע. די זאַך איז מיר געווען זייער פאַרדעכטיק. כ׳האָב אויפגעוועקט מיין פאָטער ז״ל און מיין מאַן ז״ל און אויך אַלע איבעריקע, וועלכע זיינען געווען מיט אונז אין שטוב. משה און מושקע לקח האָבן געזאָגט, אַז זיי ווייסן אויף זיכער, אַז עס איז גאָרנישט, מען היט דעם געטאָ און זיי זיינען געבליבן ליגן אויף זייערע געלעגערס.

איך האָב אַרויפגעכאַפּט מיינע מאָרגן־שיך און כאַלאַט

און כ'בין ארויס א קוק טאן, וואס עס האט פּאַסירט. מיין זון האט געזאָגט, אַז ער גייט אויך זען. מערקינען האבן מיר שוין אין גאס נישט געזען, נאר מיר האבן געזען אנדערע יידן לויפן. איך לויף נאך זיי און וויל ביי זיי פרעגן וואס ס'קומט פאר. אָבער פלוצלונג האט מיין זון אויסגעשריען:

— מאמע, אין אונז צילט א דייטש צו שיסן!

פון שרעק בין איך געפאלן און פארלוירן דעם באַוווסטזין. צו זיך בין איך געקומען, ווען קרעסלעס טאכטער האט מיר אויפגעהויבן פון דער ערד און געבעטן כ'זאל איר איבערבינדן איר פאַרבלוטיקטע פלייצע. די פלייצע איז ביי איר געווען דורכגעשאסן.

כ'בין געשטאנען נאך א פאר מינוט און ניט געוווסט, וואס דא קומט פאר, ווו מיר זיינען און וואס עס טוט זיך. אבער באַלד בין איך געקומען צו זיך, אָפּגעריסן אַ בלאַט פון א קוסט און איר פאַרבונדן די ווונד. כ'האב אויפגעהויבן מיינע אויגן און געזען, אז נישט ווייט שטייען יידן. מיר לאזן זיך לויפן צו זיי. אבער גלייך הערן מיר ווילדע, שרעקלעכע, אומדערטרעגלעכע, מענטשלעכע געשרייען און א געדיכטער, שווארצער רויך מיט א פייער באַדעקן דעם הימל. מיר בלייבן שטיין פאַרגליווערטע, פארלוירענע און געליימטע.

אַלעמען פארלוירן: די בעסטע, די טייערסטע, די נאָענטסטע! מיר וועלן זיי שוין מער קיין מאל נישט זען. אויף אייביק זיך צושיידט מיט זיי. מיט איין מאל, אין איין טאג אַלעמען פארלוירן! געווען איז דאס דעם 15־טן יוני 1942, מאנטיק כ"א תמוז. אַזאַ שרעק, אזא קאַשמאַר האט נאך די וועלט נישט געזען.

באלד זיינען צו אונדז צוגעקומען קריסטן מיט פעקלעך פון דיסנע און דערציילט, אז דער געטאָ איז פאַרברענט און פאַרניכטעט. אין א קורצער צייט ארום זיינען צו אונז צו אנדערע קריסטן פון דיסנע און אונדז געזאגט:

— וואס שטייט איר דא אַלע. די דייטשן האבן אויסגעשאָסן אלע דיסנער יידן. דער געטא איז פאַרברענט, נאר אייניקע פּאַכלייט האבן זיי דערווייל איבערגעלאזן ביז זיי וועלן פאַרענדיקן די ארבעט פאר די דייטשן. אַנטלויפט אין די גרויסע וועלדער.

זיי האבן אונז געגעבן צו שטיקלעך ברויט און געוויזן וווהין צו לויפן. אבער מיר קענען נישט אַוועקגיין.

מיר דארפן געגוני און אויף זיכער וויסן, וואס ס'האט אין געטא פּאַסירט. באַלד דערוויסן מיר זיך: די דייטשע זשאַנדארמעריע האט ארומגערינגלט דעם געטא פון אַלע זייטן און האט געעפנט א פייער אויף די יידן פון ביקסן. די יידן, דערזעענדיק דאס, האבן גענומען ווארפן שטיינער, העק, אייזנס, ציגל, פלעשער און וואס נאר זיי האבן געקענט אויף דער זשאנדארמעריע. אנדערע האבן זיך באַהאלטן; אנדערע זיינען אַנטלאָפן, ווי רומער מענדל, וועמען מען האט נאכן קריג געפונען ליגן לעבן דער אייזנבאַנער בריק אונטער א קוסט. דאן האט די זשאנדארמעריע געעפנט א פייער אויף די יידן מיט באַמבעס און גראַנאַטן. אייניקע יידן האבן אונטערגעצונדן דעם געטא, כדי דער שונא זאל נישט צונעמען דאס יידישע גוטס. אויך דער יודנראט האט אין אייניקע ערטער אָנגעגאסן בענזין און אונטערגעצונדן. מען האט געמיינט, אז ס'וועט פיליכט זיין גרינגער זיך צו ראַטעווען. די באנדיטן דערזעענדיק דאס האבן געמאכט אַ געדיכטן רינג.

גאפונג אלעקסאנדער מיט זיין משפחה האט זיך באַהאלטן ביי וואטינען אין מויער. האבן זיך דארט אָפּגעוואלגערט א ביסל צייט, אבער די שטאַטישע קריסטן האבן זיי באמערקט און געמאלדן אין דער קאָמענדאנטור וועגן דעם. באלד איז מען געקומען פון קאמענדאנטור, זיי צוגענומען און דערשאָסן.

פיל יידן האבן זיך באַהאַלטן, אבער די שטאטישע און דאָרפישע קריסטן פלעגן זוכן די יידן אין יעדן ווינקל, פלעגן געפינען און גלייך וועגן דעם מעלדן אין דער קאָמענדאנטור. אין דיסנער געטא זיינען אומגעקומען איבער דריי טויזנט יידן.

וואס האט מיט אונדז פערזענלעך פּאסירט, ווי אזוי בין איך און מיין קינד געבליבן לעבן, וואס פארא שוועריקייטן מיר האבן אַדורכגעמאכט, ווי אזוי איך און מיין קינד האבן זיך געראַנגלט מיטן לעבן, כדי צו בלייבן לעבן — באשרייב איך אין מיין צווייטן טייל.

איך וויל נאר צוגעבן, אז ווען איך בין מיט מיין קינד געקומען אין דיסנע שוין נאכן קריג, אין אנהויב 1945 און איך האב דערזען דעם פלאץ, ווו מען האט פארניכטעט די יידן פון געטאָ, דעם גרויסן קבר, וואס געפינט זיך אויפן זאמד, זאדיעסיאנקע, וואס האט צוגענומען מיט זיך די שרעקלעכע געשרייען און יאָמער־

רייען פון די אומשולדיקע, הייליקע יידן צוזאמען מיט זייערע קינדער, וועלכע זיינען פארשאטן געווארן לעבעדיקערהייט, ווייל פאר די קינדער האט מען געזשאלעוועט קוילן, האט מען זיי, נעבעך, געווארפן לעבעדיקערהייט אין א באזונדער גרוב — האט מיר אָנגעכאַפּט א גרויסע שרעק.

דאס שרעקלעכע בילד שטייט שטענדיק פאר מיינע אויגן. איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן די צוריסענע מלבושים, ביינער, שיך, שטיקלעך פון טליתים האבן זיך געוואָלגערט אויפן זאמד און ציגן מיט חזירים זיינען איבער די הייליקע קברים אורמגעגאנגען. איך האב זיך דאן וועגן דעם געווענדעט צום פארזיצער פון גארסאוויעט, צו סעמיאנאוון, און אים געבעטן ער זאל מיר מעלדן, ווען אין גארסאָוויעט וועט פארקומען די נאָענטסטע זיצונג. אויף דער זיצונג האָב איך געבעטן מען זאל פאַרצוימען דאס אָרט, ווו מען האט פארניכטעט די יידן. אויף דעם האט מיר סעמיאנאוו געענטפערט, אז אויף די צוועקן האט ער נישט קיין געלט. איך האב געזאגט, אז מיר בעטן נישט קיין געלט, נאר מען זאל דערלויבן די יידן אויסהאקן אין וואלד ביימער און די אויסגעהאקטע בוימער זאל דער גארסאָוויעט אויף זייערע פערד ברענגען אין דיסנע און געבן די יידן דראָט מיט וואס צו פארצוימען. מיין פארשלאג האט אונטערגעהאלטן דער דירעקטאָר פון דער רוסישער גימנאזיע, ראדין. די זיצונג האט באַשלאָסן דערפילן מיין ביטע.

די דיסנער יידן זיינען דאן געגאנגען אין וואַלד, אויסגעהאקט און צוזאמענגעקליבן בוימער. דער גארסאוויעט האט די בוימער געבראכט אין דיסנער געטא און געגעבן דראָט מיט וואס צו פאַרצוימען. מען האט געמאכט אַ צוים. אבער לאנג האט זיך דער צוים אין געטא נישט געהאלטן. באלד דעם ערשטן ווינטער האבן די שטאָטישע קריסטן אויסגעגראָבן די בוימער פון צוים, כדי צו באהייצן זייערע הייזער.

דאן האבן די איבערגעבליבענע יידן אין דיסנע אָנגעשריבן א שריפטלעכע ביטע צום פארזיצער פון העכסטן געריכט, צו סטרויען, האבן אים געבעטן אונז העלפן אוועקצושטעלן א פונדאמענטאלן צוים ארום די קברים פון די אומגעקומענע יידן אין געטא. צו דער ביטע האט סטרוי אויך צוגעשריבן און געבעטן, מען זאל אסיגנירן א סומע געלט אויף א צוים. דעם בריוו האט מען אָפּגעשיקט קיין מינסק. אין עטלעכע מאנאטן אַרום איז פון מינסק אנגעקומען צוויי טויזנט רובל אויף א צוים. דעם צוים האט מען געמאַכט פון ציגל. אבער אויך דעם צוים האבן די קריסטן פונאנדערגענומען, כדי צו מאכן פאר זיך אויוונס.

דאן האב איך זיך געווענדעט צום פארזיצער פון גאריספאלקאם און געבעטן, ער זאל אָננעמען מיטלען קעגן אזא פארברעכן. דער פאָרזיצער פון גאריספאלקאם האט ארויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז דער, וועלכער וועט נעמען ציגל פון צוים פון בית־עולם, אָדער אפילו פון די אָפּגעברענטע מויערן — וועט ווערן שטרענג באַשטראָפט.

אין אַ געוויסער צייט ארום האבן די דיסנער איינוווינער צוזאַמענגעקליבן געלט פון די דיסנער יידן און ס'איז געמאכט געווארן א פונדאמענטאַלער צוים אין דיסנער געטאָ.

## איזה רוסיצאן ספורן: על קבר אמי

בת חמש הייתי כשנתיתמתי מאבי ועל אמי הוטלה הדאגה לפרנס ולגדל שמונה ילדים. היה לנו בית גדול בזדישנקה ליד בית הכנסת ולמרות שהיינו עניים, שררה השמחה במעוננו. כל אחד מאתנו חי את חייו ורקם את חלומותיו ולא העלה בדעתו, שחייו ייפסקו בעודם באבם וחלומותיו ינופצו.

יום העשרים ואחד ליוני של שנת 1941 היה יום נאה ביותר. הייתי חברה בקומסומול של דיסנה וניתנה לנו הוראה להתאסף ולעבור את הדווינה בהנהגתו של מר בולין, על מנת לחזור לאחר ימים אחדים. הגרמנים עמדו להכנס לעיר והכל היו אחוזים בהלה. הכל ניסו להמלט, פרט לאמי. כשנשקתיה לשלום, לא שערתי כי זו נשיקה אחרונה. אילו ידעתי זאת, ודאי שהייתי נשארת ואובדת עם האחרים. אמי שלחתני לדרכי בתתה

לי כתובות של שתי דודות ברוסיה. היא הבטיחה להצטרף אלי מיד כששאר הילדים, שגרו בסלונים וויל־ייקה, ישובו הביתה. לרוע המזל לא בא היום המקוה. אחיותי, ברכה ואסתר־שיינה, נשארו עם אמי.

לאחר שעברנו את הדווינה בדרך ללונצ׳רסק ראינו את דיסנה עולה בלהבות המלחמה. מוכי כאב ובהלה, צפה ועלתה בנו ההכרה כי שוב אין דרך חזרה. המשכנו להתרחק עוד ועוד מביתנו האהוב.

חמש שנים לאחר מכן, שבו רבים לתור אחר אהובי לבם ולא מצאו אלא את קבריהם. אף אני שבתי. בסתר לבי ידעתי כי לא אוכל לשאוב מכך לא אומץ ולא נחומים אך נמשכתי לשוב.

שוב הייתי בלונצ׳רסק. חציתי את הדווינה, הפעם בכוון אל הבית. אך אבוי! לא היה לי עוד בית. לא היו לי עוד לא אמי ולא אחיותי. אף העיר עצמה, לא היו בה אלא חרבות. באשר תפנה — אך חרבות. קשה להאמין, אבל עובדה היא, שהייתי נאלצת לשאול אשה רוסיה למקום הגשר. אותו גשר שעברתיו בכל יום מימי חיי, שוב לא ידעתי היכן הוא. צדו האחד של הגשר נזדקר באויר וכשעברתיו, חשתי בסחרחורת. מעבר לגשר ראיתי את בית הכנסת, אך לא ראיתי את ביתנו לידו. הסתובבתי שם, תרה ומחפשת, מבלי לדעת מה. גם לא מצאתי דבר. נקרה במוחי השאלה המרה על מה עשו כך לעירי ולבני עמי הטובים.

בביתו של משה יקטן גרו איטקה לקח ושלוש בנותיה ושני נכדיה. בביתם מצאתי מקלט. דעתי לא היתה שלמה עלי והעתרתי עליהם שאלות של ריק לרוב. בקשתי לבקר את קבר אמי, אך הם דחוני מיום למחרתו. לבסוף הצלחתי לשכנע את בני משפחת לקח וכן נערה גויה, ידידתי מבית הספר בשם זינקה סטומה, שיראו לי את המקום.

בעשירי באפריל 1942 הוצאו להורג עשרים וששה גברים ושתי נשים. אחת מהן היתה אמי, דובה רוסיצאן. בין הגברים היו דודי שמואל רוסיצאן, הרשל שצמן, נחום קליאט ואחרים.

אינני יודעת כמה זמן שהיתי על קברה. איני זוכרת כמה זמן הארכתי לבכות. אני זוכרת, כי חרטתי בצפרן ידי את שם אמי על אבן קטן מרובעת והשארתיה על התלולית, שתחתיה שכבו גופותיהם הרצוצות של אמי האהובה, של דודי ושל שאר ידידינו. גורלן של אחיותי עודנו לוט בערפל. ספרו לי, כי כשהמרצחים הנאצים הוליכו את אמי והאחרים, רצו אחיותי אחריה ובקשו להלקח אתה אף הן. אך המרצחים בעטו בהן וציוו עליהן לשוב. ידוע לי גם, שאחותי הצעירה אטי אמרה „קדיש" לזכר אמנו. אפשר שהושמדה עם כל השאר בקבר האחים הגדול.

בדיסנה שהיתי ששה ימים וששה לילות. לא היה לי בה דבר מלבד הקברים. אפשר שזכרונות רבים מאותם ימי השואה לעמינו ימוגו בזכרוני. אך לעולם לא אשכח את מראה קברה של אמי האהובה.

## סוניה צ׳רניה — דריזנשטוק: **פון דיסנער געטא**

פיל האט מען געשריבן וועגן די געטאָס און לאַגערן. אבער יעדער איינער האט זיך זיין אייגענע טראַגעדיע וואס ער האט אין הארצן. פיל קאן מען שרייבן, האבנדיק נאר טאלאנט דערצו. מען קאן שרייבן גאַנצע ביכער פון יעדער זאך באזונדער.

איך וויל נאר דערמאָנען אָן די טראגישע מאָמענטן פון דיסנער געטא, אין וועלכן איך בין געווען פון ערשטן טאג ביז זיין ליקווידאציע. זאל דאס בלייבן אַן אָנדענקונג פאר די וייטערע דורות, וועלכע וועלן די בלעטער א מאל לייענען און וועלן זיך דערמאנען, אז ס׳זיינען געבליבן נאר עטלעכע מענטשן ביים לעבן, וועלכע האבן איבערגעלעבט די שרעקלעכע טראגעדיע און האבן אנגעשריבן די בליטלעך אין דעם בוך.

מיינע עלטערן האבן געלעבט אין לוזשקי. נאר מיין פאטערס פאמיליע האט געלעבט אין דיסנע. דער זיידע מיינער אשר דריזענשטאק, מיין מומע גיטל קונקעס האבן געלעבט אין דיסנע.

ווען עס האט זיך אנגעהויבן דער קריג האט מיין

פאטער געוואלט פארלאזן דאס שטעטל. נאר ס'איז ליי־דער געווען שפעט — די דייטשן זיינען געווען פלינקער פון אונז און האבן אונז צוריקגעקערט פון וועג.

צומארגנס פרי, ווען די דייטשן זיינען אריין אין שטעטל, איז באלד אויסגעבראכן אַ פּאגראם אויף די יידן. די דייטשן האבן די פויערים נישט געשטערט און זיי האבן געבושעוועט צוויי טעג: ראבירט אלעס, וואס נאר עס האט זיך געלאזן און געשלאגן די, אויף וועמען זיי האבן געהאט א ספּעציעלן כעס. ביי אונז האט מען אלעס צוגענומען און מיין פאטער האט מען שטאַרק צושלאגן. מיין ברודער האט באקומען א צוהאקטן קאָפּ, ווען ער האט זיך איינגעשטעלט פארן פאָטער. אויך איך האב געקריגן צוקלאַפּט די האנט מיט א שטעקן.

אויף מארגן ביינאַכט זיינען מיר ארויס דורך די פעלדער פון לוזשקי און זיך געלאָזן גיין קיין דיסנע. הונגעריקע, צושלאגענע און צובראכענע זיינען מיר געגאנגען ביינאכט, אז קיינער זאל אונז נישט זען. (ביי־נאַכט האט מען נישט געטאָרט גיין). מיר זיינען געקו־מען אין ווולקאווע און מיר זיינען דארט פארבליבן אין אַן אכסניה פון א יידישער משפחה ביז מיר וועלן קענען אַריינגיין אין דיסנע. דיסנע האט געברענט און דעם פייער האט מען געזען זייער ווייט.

אין עטלעכע טעג ארום זיינען מיר אריין אין שטאט. טרויעריק איז געווען דער אויסזען פון דער שטאט. אלעס איז געווען פאַרברענט. ווו נישט ווו זיינען גע־שטאנען עטלעכע הייזער, וואס זיינען ניצול געווארן פון דער שריפה. די דייטשן האבן אונטערגעצונדן די גאנצע שטאט, ווייל די רוסן האבן זיי פארהאלטן ביי דער דווינע און דא איז געווען די ערשטע שלאכט מיט די דייטשן.

נאך אַ קורצער צייט האט מען אלע יידן צוזאמענגע־טריבן אין געטאָ אויף דער צווייטער זייט פון דיסענקע. מען האט אויסגעקליבן א יודנראט און אַ יידישע מיליץ. עס האט זיך אנגעפאנגען דאס לעבן אין געטאָ.

שרעקלעך איז געווען צו זען דאס בילד, ווי אלע יידן שלעפּן זיך מיט זייער ביסל פארמעגן אין געטאָ אריין. מען האט איבערגעלאָזן די הייזער, די געשעפטן — אַלעס — און נאר מיט א קליין ביסל זאכן און עסנווארג האט מען זיך געשלעפּט פארביטערטע, צובראכענע און רעזיגנירטע צו לעבן אין געטאָ אריין.

## דאס לעבן אין געטא

דער יודנראט האט רעגיסטרירט אַלע יונגע מענער און פרויען און צוגעשטעלט די צאָל מענטשן, וואס די נאַציִשע קאָמענדאַנטור האט געפאָדערט. דאָרט זיינען געשטאנען דייטשן, וועלכע האבן צושיקט די יידן אויף פארשיידענע ארבעטן. די מענער האבן אפגערייניקט פון די גאסן די גראזן פון די אפגעברענטע הייזער; אנ־דערע זיינען געווען באשעפטיקט ביי דער קאמענדאנ־טור. די מיידלעך האבן געקערט די גאסן, געריסן דעם גראז, געוואשן די פּאדלאגעס אין דער גימנאזיע, וווּ די דייטשן האבן סטאנציאנירט.

ווען ס'איז געווארן קילער האט מען אונז געשיקט אויפן אינדזל אַראָפּצונעמען די גרינסן, וואס די באָלשע־וויקעס האבן פארזייט פארן קריג. מיר פלעגן גנבענען אַ ביסל מערן און קארטאפל, ציבעלעס — אלעס, וואס נאר מען האט געקענט עסן. אבער אָך און ווי איז גע־ווען דעם, וועלכן מען האט געכאפּט.

אין געטא איז געווען א נויט. דאס עסנווארג, וואס די מענטשן האבן אנגעגרייט האט זיך געענדיקט. ווער עס האט נישט געהאט — האט זיך געמוזט באנוגענען מיט די 100 גראם מעל, וואס מען האט נישט אַלע מאָל געקריגן.

עס איז געווען א שווערער ווינטער. עס איז נישט געווען מיט וואס צו הייצן דעם אויוון, ווי איך קיין נאפט און קיין עסן. אין איין צימער האבן געלעבט 3—4 משפּ־חות. די מענטשן זיינען געווארן גריסע עגאָאיסטן. יעדער האט געקלערט נאר וועגן זיך.

די לאגע איז געוואָרן אזוי שווער, אַז איך האָב באַ־שלאָסן צו פארלאזן דעם געטא, כדי אַריינצוברענגען א ביסל עסן אין שטוב. כ'האב געהאט נאך אַן עלטערן ברודער — צאלקע — און 2 קלענערע שוועסטערס — פרומע און גיטל. די מוטער האט געוויינט. זי האט מורא געהאט מען זאל מיך נישט שיסן. האב איך איר געזאגט, אַז שטארבן פון הונגער איז נאך ערגער. איך בין ארויס פון דיסנער געטא פאַרטאג און אוועק צו פוס קיין לוזשקי, 38 ק"מ אין א פראָסט און א ווינט.

איך בין אָנגעקומען קיין לוזשקי בשלום און אַריין אין געטא, ווו אלע האבן מיר גוט געקענט. כ'האב אויס־געזוכט מיינע צוגעראבעוועטע געציג צו דער אַרבעט און שטילערהייט האב איך אָנגעהויבן אַרבעטן (פון פאַך

בין איך אַ דאַמען־פריזירערין). די פאַרדינטע פּראָדוקטן — ברויט, קאַרטאָפל — פלעג איך אָפּשיקן אין דיסנע מיט אַ באַקאַנטן קריסט, וועלכער האָט געהאַט דאָס רעכט אַריינצוגיין אין געטאָ. דער קריסט חאַבראַצקי, אַ שאָפער, האָט נישט איין ייד געהאָלפן אין אַ צרה.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס גוטע. מען האָט מיך געמסרט פאַר די דייטשן, אַז איך בין נישט אין געטאָ און נעם נאָך געצאָלט אין פּראָדוקטן פאַר דער אַרבעט. עס זיינען געקומען 2 דייטשן מיט דעם בירגער־מייסטער, מילעוויטש, און מען האָט מיך אַרעסטירט. 2 טעג און 2 נעכט בין איך געווען פאַרשפּאַרט אין תפיסה אַליין אין אַ צימער. טויזנטער געדאַנקען האָבן געשוועבט אין מיין קאָפּ. כ׳האָב נאָר געטראַכט, אַז איך בין נאָך יונג, אינגאַנצן 16 יאָר, און כ׳האָב נאָך פון לעבן ווייניק גענאָסן. עס ווילט זיך נישט שטאַרבן אַזוי יונג.

די צווייטע נאַכט האָב איך געהערט, אַז עס רוישט זיך אויפן הויף פון דער תפיסה. „מ׳איז געקומען מיר שיסן” — האָב איך געקלערט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך געעפנט די טיר און דער שומר פון דער תפיסה האָט מיר דערקלערט, אַז מילעוויטש, דער בירגער־מייסטער, איז געווען. ער האָט געקריגן אַ באַפעל, מען זאָל מיר אין דער פרי שיסן. נאָר אַזוי ווי ער קען מיך און מיינע עלטערן — האָט ער מיטגעליד מיט מיר. ער האָט באַפוילן, אַז כ׳זאָל אין דער פרי פאַרשווינדן.

דער זייגער איז געווען 12 ביינאַכט און דער שומר האָט מיר געבעטן. איך זאָל זיין טאַקע מאַכן די האָר איידער איך אַנטלויף. עסן האָב איך נישט געקענט פון אויפרעגונג, כאָטש איך בין געווען הונגעריק. איך האָב נאָר געטראַכט, ווי אַזוי און וווּהין זאָל איך לויפן. אומעטום זיינען געווען נאַציס.

4 אַזייגער פאַרטאָג בין איך אַריין צו אַ באַקאַנטן קריסט, געגעבן אים מיין גאַנצן פאַרמעגן — דייטשע מאַרקן, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, ער זאָל מיר ברענגען ביזן דיסנער געטאָ. דער גוי האָט מורא געהאַט, אָבער דאָס געלט האָט געזיגט... דערצו זיינען מיר אַ מאָל געווען שכנים און ער האָט מיר געקענט אַלס אַ קליין קינד.

ער האָט מיך באַהאַלטן אין אַ וואָגן פול מיט היי און אַרויסגעפירט פון לוזשקי. אויפן וועג, ווו עס זיינען געשטאַנען דייטשע פּאַטרולן, האָט ער מיר געוואָרנט איך זאָל זיך נישט רירן. איך פלעג הערן דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרץ. כ׳האָב געבעטן גאָט, ער זאָל מיר העלפן.

ענדלעך זיינען מיר אָנגעקומען אין דיסנע. דער קריסט איז אַוועקגעפאָרן צוריק און איך האָב געוואַרט, ווען די יידן האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט און מיט זיי בין איך אַריין אין דיסנער געטאָ.

אין מיין אָפּוועזנהייט האָט מען געשאָסן 15 יידן פון געטאָ, צוזאַמען מיט זיי אויך מיין פעטער אַברהם־הירש קונקעס, מיין חברס שוועסטער, ניורא פיסמאַן, יוסף פוקס שפרה פוקס און איר ברודער און נאָך אַנדערע, וועלכע איך האָב נישט געקענט.

אין דיסנער געטאָ האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען האָט מיך אין לוזשקי געשאָסן. קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז איך בין לעבעדיק צוריק געקומען. און ווידער בין איך אַוועק אַרבעטן ביי די דייטשן אין קאָמענדאַנטור: געשאָבן קאַרטאָפל, געוואַשן, געראַמט. נאָך דער אַרבעט פלעגן מיר וואַרטן נעבן זייער עסצימער, זיי זאָלן אונז באַפרייען אַהיים. עס פלעגט שפּילן אַן אָרקעסטער פון יידן אין געטאָ, זיי זאָלן זיך נישט לאַנגווייליקן ביים עסן. די מוזיק פלעגט שפּילן און אַלע מיידלעך פלעגן ביטער וויינען, נישט שעמענדיק זיך איינע פאַר דער צווייטער. מיר האָבן אַלעס פאַרלאָרן — אונזערע שיינע, יונגע טעג און ווער ווייס וואָס וועט זיין מאָרגן ? !

אין 2 וואָכן אַרום האָבן מיר געהערט, אַז מען האָט דעם געטאָ אין לוזשקי ליקווידירט. צומאָרגנס זיינען געקומען אין געטאָ חנה צעפּעלעוויץ און בערל בערזאָן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון לוזשקיער געטאָ. דאָ, אין דיסנע, האָבן זיי געהאַט פריינט. כ׳האָב מיט זיי גערעדט. כ׳האָב זיך אַליין נישט געגלויבט, הערנדיק זייער שרעקלעכע דערציילונגען. אָבער ליידער איז דאָס געווען דער אמת.

צו מאָרגן האָב איך געטראָפן דעם שאָפער חאַבראַצקי, וועלכער האָט מיר אַלעס באַשריבן גענוי ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע אין לוזשקיער געטאָ. ער איז געווען שטאַרק צעבראָכן פון דעם וואָס ער האָט געזען און האָט מיך געוואָרנט, איך זאָל זיין פאָרזיכטיק דאָס קאָן אויך אייך טרעפן. אַנטלויף צו די

געבן א באפעל, אז אלע דיסנער יידן זאלן זיך אריבער־קליבן אין א ספעציעל באשטימטן פאר זיי קווארטאל, וואס האט זיך געפונען אויף פאלאצקער גאס און אויף דער לינקער זייט פון גלובאקער גאס מיט אלע געס־לעך צווישן זיי. מיר האבן זיך אריבערגעפירט צו דער פאמיליע סלאווין, אונדזערע באקאנטע, וועלכע האבן געוווינט אויף פאלאצקער גאס. אין אונדזער הויז אויף קילינסקא גאס האט זיך ארייגעפירט א פוילישער מיליציאנער יאבלאָנסקי.

ס׳האבן זיך צוזאמענגעקליבן אין געטא ארום 3000 יידן. אויסער די, האבן די דייטשן אהער געבראכט די יידן פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער, ווי: יאזנע, וולאשניק, ווולקאווא, יעלניא.

ס׳איז כדאי צו באמערקן, אז איידער מ׳האט געשאפן דעם געטא זענען א טייל דיסנער יידן אריבער קיין לוזשקי און גלובאק.

דער דיסנער געטא איז נישט געווען קיין געשלא־סענער. און אזוי ווי ער האט זיך געפונען אויפן ברעג פון טייך דיסיענקא, האבן די קריסטן געקענט פריי אריבערפארן צו אים.

אין געטא איז געווען א שרעקלעכע ענגשאפט. אין יעדן הויז האבן געלעבט 5—6 משפחות. אין אונדזער הויז האבן געלעבט, אויסער די סלאווינס, ד. ה. אלי סלאווין מיט די צוויי זין — שניאור און בייניש — און טאכטער אסתר, דער דענטיסט ראזעט מיט זיין מוטער, אונדזער משפחה, רחמיאל־אייזיק סלאווין פון ווולקאווע, מענדל־לייב סושקאוויטש מיט זיין פרוי רחל, זייער זון אברהם מיט זיין פרוי און קינד, אפרים סוש־קאוויטש, אסתר סושקאוויטש, צוויי בחורים פון יאזנע און א פרוי, וועלכע האט געהייסן „רחל די קעכערין״.

באלד האט זיך ארגאניזירט א יודנראט מיט ראכלין אלס „יודנעלטסטע״, גארדאן און הויכמאן (די איבערי־קע געדענק איך נישט). אין א געוויסער צייט ארום האט זיך געשאפן א יידישע פּאָליציי מיט בערקע ווייספּאפּיר אָן דער שפּיץ. די יידישע פאליציי איז גע־שטאנען ביי דער בריק, כדי אכטונג צו געבן, ווער ס׳גייט אין שטאט אריין און זי האט באשלאסן ווער ס׳זאל גיין אויף ארבעט.

אלע ארבעטס־פעיקע מענטשן פלעגן ארויסגיין 8 אזייגער אין דער פרי אויף ארבעט, דארט ווו די דיי־טשן האבן געפאדערט. מיך האט מען באשטימט צו פארקערן די גאסן זומער־צייט און ווינטער — אָפּריי־ניקן דעם שניי. אנדערע האבן געארבעט אויפן אינדזל אין די גערטנער. אויך האבן אנדערע געארבעט ביים פונאנדערנעמען די הייזער און אויפלייגן די ציגל, אין דער קיך פון קאָמענדאנטור און אין דער פּאליציי.

דער געטא האט קיין שפּייז־פּראדוקטן נישט באקומען. נישטיקע ברויט־פּאַרציעס האבן נאר באקומען די סאמע נויטבאדערפטיקע. מען האט געלעבט פון בייטן שטובי־קע זאכן אויף עס־פּראָדוקטן, אדער פון די אנגעגרייטע פּראָדוקטן.

אָן אָט האבן זיך אנגעהויבן די קאנטריבוציעס. מ׳האט באפוילן אפּגעבן שניט־סחורה, לעדער, גאלד, זילבער, קופער און מעבל.

אזוי איז מען איבערגעקומען דעם ווינטער, אין משך פון וועלכן ס׳זענען קיין ספעציעלע פאלן נישט פארגע־קומען. אין דער צייט האט מען דערשאסן אייניקע גע־וועזענע סאוויעטישע אקטיווע טוער און אנדערע, נישט פון דער יידישער באפעלקערונג. מ׳האט זיי דערשאסן נעבן בולוואר ביי דער דיסיענקע, אנטקעגן געטא.

פאר פסח, אין מערץ 1942, האבן די דייטשן אויס־געפירט די ערשטע אקציע, איבער 30 יידן, וועלכע זיינען, ווי ס׳זעט אויס, שוין געווען פון פריער אין זייער ליסטע. צווישן די געדענק איך יוסף עפשטיין מיט זיין זון באַרקע. (זיי האבן געהאט א הונט, וואס האט געהייסן „היטלער״ און מ׳האט זיי געמסרט), דאָבע ראסיצאן, יוסף פוקס און שאצמאן. מ׳האט זיי ארויסגע־נומען פון שטוב און אין אייניקע מינוטן ארום האבן מיר געהערט שיסערייען. ווי ס׳האט זיך דערנאך ארויס־געוויזן, האט מען זיי דערמארדעט אויפן פוילישן מא־הילניק אין דראשקאוויטש. פירנדיק זיי האט זיך שאצ־מאנען איינגעגעבן צו אנטלויפן. דאן זענען זיי געקומען צו אים א היים און האבן געמאלדן, אז אויב ער וועט נישט צוריק קומען, וועלן זיי דערמארדן זיין גאנצע פאמיליע. אזוי האט ער באוווסטזיניק גענומען אויף זיך דעם טויט.

דער פסח איז פאריבער מיט שרעק. מצה האט מען געבאקן פון גערשטענע מעל. נאך פסח האבן זיך פאר־שפרייט קלאנגען, אז די נאציס קלייבן זיך צו ליקווידירן דעם געטא אין דיסנע.

דעם 1טן מאי 1942 האט מען ליקווידירט דעם געטאָ אין לוזשקי, מיאָר או אין נאָך אייניקע שטעטלעך. צו אונז זענען אנגעקומען אייניקע פליטים פון לוזשקי. צוויי פון זיי זענען געווען דיסנער: קופערמאַן און איטשע ליפשיץ. צווישן די לוזשקיער איז געווען נחמה יפה. זיי האבן דערציילט, אז מען האט אלע יידן צונויפגעזאַמלט אויפן מארק און פון דארטן האט מען זיי אוועקגעפירט און דערמאָרדעט. זיי איז געלונגען צו אנטלויפן.

## די ליקווידאציע פון דיסנער געטאָ

דעם 15טן יוני 1942 האט זיך אנגעהויבן די ליקווידאציע פון דיסנער געטאָ. נאָך פאַר דעם האט זיך געפילט אין דער לופט, אז עס קומט אַן אומגליק. דאַן האט מען אין געטאָ באשלאָסן אוועקשטעלן ביי יעדן הויז א וואך, כדי מען זאל אין פאל פון א פּאגראם זיין גרייט צו אנטלויפן. אין יעדן הויז איז געווען אָנגעגרייט בענזין, כדי אין פאל פון ליקווידאציע זאל מען אלעס אונטערצינדן, אז קיין יידיש גוטס זאל נישט אריינפאלן אין מערדערישע, נאַצישע הענט.

זונטיק ביינאכט, ב׳ בתמוז, 4 אזייגער פרי, האבן די שומרים אוועקגעשטעלט אלעמען אויף די פיס. זיי האבן באמערקט, אז די פּאליציי און די דייטשן רינגלען ארום דעם געטאָ. אלע זענען אויפגעשפרונגען, אנדערע אין אונטערוועש.

ווען כ׳בין ארויסגעלאפן אויפן גאס, האב איך געזען ווי די פּאליציי און די דייטשן רינגלען ארום דעם געטאָ פון צוויי ריכטונגען; איין טייל איז אראָפּ אויפן ברעג פון דיסיענקע; די צווייטע — אין דער ריכטונג פון גלובאקער גאס. דאַן האט זיך אנגעהויבן א פּאניקע. מענטשן האבן זיך געלאזן לויפן אזוי ווי זיי זענען געשטאַנען אָן אויבערשטע בגדים. איך אליין האב זיך געלאזן לויפן אין אן אונטערהעמד.

מיר זיינען געלאפן אין דער ריכטונג פון דאָרף מאניאקאווע, כדי זיך ארויסצורייסן פונם קרייז, וואס האט אונז ארומגערינגלט. כ׳בין געלאפן און געשריען: „יידן אנטלויפט!” אין דעם זיינען צוויי מיידלעך, וועלכע האבן געארבעט ביי דער פּאליציי אין קיך, געגאַנגען צו דער ארבעט. מ׳האט זיי געהייסן קומען פריער ווי שטענדיק. אנטלויפנדיק א געווויסן מרחק האב איך געהערט זייערע געשרייען: די דייטשן האבן זיי צוריקגעטריבן מיט נאגייקעס.

לויפנדיק האב איך געזען, ווי פון די הייזער פון געטאָ לויפן מענטשן, אבער זייערע פּנימער האב איך נישט דערקענט. אונזער גרופּע פליטים האט באוויזן צו אנטלויפן איידער די דייטשן האבן באוויזן צו שליסן דעם רינג. נאָר באלד האט זיך אויסגעשאָטן א האגל פון קוילן. איינער פון אונז, מוליע כץ, איז פארוואונדעט געוואָרן אין פוס, אבער ער איז ווייטער געלאָפן. נאָך מיר איז געלאָפן מיין צען־יעריקע שוועסטערל קיילע. זי האט מיר דעריאָגט און מיר האבן דערגרייכט צו א נאָענטן וועלדל. ווען מיר האבן זיך פון וועלדל אומגעקוקט, האבן מיר געזען, אז דער גאנצער געטאָ ברענט. די יידן אליין האבן אונטערגעצונדן.

אין וועלדל האבן זיך אויפגעקליבן מער ווי 5 מאַן. מ׳האט באשלאסן זיך צוטיילן אויף קליינע גרופּעס און יעדע גרופּע איז אוועק אין אַן אנדער ריכטונג. איך, מיין שוועסטער, אברהם און אפרים סושקאָוויטש און מיכל — א יאַזנער בחור — זיינען אוועק אויף ראַזדיארקע, נעבן וואלקאָווע.

דערגייענדיק צו וואלקאָווע האבן די ברידער סושקאָוויטש אונז פארלאזן. קענטיק אוועק צו באַקאַנטע קריסטן. איך, מיין שוועסטער און מיכל זיינען אוועק אין וואלד. איך בין געווען בארוועס און אין איין העמד. אין א דאָרף האט מען מיר געגעבן א קליידל און אַ בלוזקע. אזוי האבן מיר בארוועסע, אָן ברויט, זיך געוואלגערט כמעט א חודש אין וואלד. ווען מיר פלעגן אריינקומען צו א קריסט בעטן א שטיקל ברויט, פלעגן אייניקע געבן. אבער אממערסטן האט מען אונדז ארויסגעטריבן ווי הינט.

אין דער צייט האבן אין די וועלדער ארום דיסנע זיך ארומגעוואלגערט פיל יידן. אזוי האבן אונז דערציילט די קריסטן. אין משך פון אונזער זיין אין וואלד האבן מיר געהערט פיל שיסערייען. די נאציס האבן זיך געיאָגט נאָך יידן. אזוי ארום זיינען אומגעקומען כמעט אלע יידן, וועלכע האבן זיך געראַטעוועט אין וואלד און צווישן זיי מיכלס ברודער — וועלוול.

צום סוף האט זיך דער מצב אזוי פארשארפט, אז מיר האבן מורא געהאט אריינקוקן אין א קריסטלעך

הויז. זיי פלעגן אליין איבערגעבן יידן צו די דייטשן און באקומען פאר יעדן איינעם א קילא זאלץ.

אין גיכן האבן זיך אנגעהויבן שטארקע רעגנס און קעלט. הונגעריקע, האלב־נאקעטע, בארוועסע, האבן מיר געבלאנדזשעט אין וואלד, נישט זעענדיק פאר זיך קיין אויסוועג. איבעגעבן זיך די דייטשן  אויפהענגען זיך?

אין אזא צושטאנד האבן מיר זיך געמאטערט ביז אנ־הויב אויגוסט 1942. דא האבן מיר זיך דערוווסט, אז גלובאָקער געטא עקזיסטירט נאך. מיר האבן באשלאסן צו גיין אהין און אומקומען צוזאמען מיט די אייגענע.

אלע דריי זיינען מיר אוועק קיין גלובאָק. מיר האבן געדארפט גיין ארום 60 קילאמעטער. געגאנגען זיינען מיר נאך ביינאכט. ברודיקע, צוביסענע פון קאמארן, צושויבערטע, הונגעריקע מיט געשוואלענע, פאר־בלוטיקטע פיס פון גיין, האבן מיר זיך אליין נישט גע־קענט דערקענען. מיר זיינען דערגאנגען צום דאָרף זא־לעסיע. דארט האט אונז געכאפט א ביעלארוסישער וואלד וועכטער. מיכל איז אנטלאפן, נאר מיר מיט מיין שוועס־טער האט ער פארהאלטן. גענומען ביי א שכן א פערד און וואגן, אונז אריינגעזעצט, כדי אונז איבערצוגעבן אין זאלעסיער פאליציי. זיצנדיק אין וואגן האב איך א ווונק געטאָן מיין שוועסטער און דערנענטערנדיק זיך צו די קוסטעס זיינען מיר אראפגעשפרונגען פון וואגן און געלאָזן זיך לויפן. דער וועכטער איז געווען בא־וואפנט און האט אנגעהויבן באלד שיסן און פייפן, כדי די קריסטן זאלן רופן פאליציי. פיל קריסטן האב זיך צוזאמענגעקליבן. ס'איז אָנגעקומען פאליציי און אלע האבן אנגעהויבן ארומרינגלען דעם וואלד.

מיר זיינען געלעגן איינהאלטנדיק דעם אטעם. קיין אנדער אויסוועג איז נישט געווען. זיי זיינען פארבייגע־גאנגען פארביי אונז פיל מאל, אָבער האבן אונז נישט בא־מערקט. דאס געיעג האט זיך געצויגן ביז אוונט. צו אונזער מזל האבן זיי נישט געבראכט קיין הינט.

ווען ס'איז פינצטער געווארן, האבן זיי זיך אומגע־קערט. דאן זיינען מיר איפגעשטאנען, נישט וויסנדיק וווהין צו גיין. ביינאכט האבן מיר אנגעקלאפט אין א הויז. ס'איז ארויס א קריסטן און האט אונדז געוויזן דעם וועג קיין גלובאקע. מיר זיינען געגאנגען א גאנצע נאכט. אין דער פרי האבן מיר זיך געפונען אין א וואלד, וואס האט געהייסן בארעק, דער פלאַץ, ווו מען פלעגט אויס־מארדן די גלובאקער יידן. דאן האבן מיר נאך דערפון נישט געוווסט.

אין בארעק האבן מיר געטראפן קריסטנס, וועלכע האבן געקליבן שוועמלעך. זיי האבן אונז דערציילט, אז דא האט מען געשאסן א טייל פן די גלובאקער יידן און פיל רוסישע געפאנגענע. די פרויען זענען געווען גוט צו אונז און האבן אונז געווארנט, אז באלד דארף דא דורכגיין א דייטשער פאטרול. זיי האבן אונז געראטן גיין מיט זיי צוזאמען. ווען די דייטשן וועלן אריבער, וועלן זיי אונז אוועקפירן אין געטא.

דער געדאנק צו דערגרייכן אין געטא, זיין צווישן יידן, זיך אויסשלאפן, אפעסן און ארומוואשן זיך — האט אונז אויסגעזען ווי א חלום.

## גלובאקער געטא

נאך דעם ווי די דייטשן זיינען פארבייגעגאנגען, האבן אונז די קריסטנס געבראכט אין גלובאקער געטא. דער געטא איז נאך דאן נישט געווען ארומגעצוימט. מיר זיינען אריין אין דעם ערשטן הויז אויף קיסילייקע גאס. באלד האט מען אונז ארומגעוואשן, געגעבן אונז עסן און צוויסן געגעבן מיינע קרובים, דבורה שוכמאן און זי האט אונז גענומען צו זיך.

דאן איז נאך נישט געווען ארויסגעגעבן דער באפעל פון געביטס־קאמיסאר, אז מ'זאל צונויפזאמלען אלע יידן פון די דערפער און וועלדער אין גלובאקער געטא. דע־ריבער האבן מיר זיך געמוזט אויסבאהאלטן.

אין קורצן נאך אונזער קומען, האט מען אנגעהויבן בויען ארום געטא א צוים און פארקלענערט דעם שטח. אזוי ווי דאס הויז פון מיין קרובה האט זיך געפונען נעבן טויער, האבן מיר מורא געהאט, אז מ'וועט אונז ארויסשיקן. צוליב דעם האבן זיי אויפגעבויט א בונקער וואס האט זיך געפונען אונטערן שטאל. דאס איז געווען א גרוב מיט זייער א שמאלן און נידעריקן ארייננגאנג. כדי ארייצוקומען אהין האט מען געמוזט זיך שארן אויפן בויך. ס'איז געווען אויסגערעכנט פאר 20 מענטשן. זייער א פרימיטיווער, נאר ווען די דייטשן זיינען געקו־מען נעמען אונז אויף ארבעט, האבן מיר זיך אלע אויסבאהאלטן.

אין סעפטעמבער 1942 האט דער געביטס־קאמיסאר ארויסגעגעבן א באפעל, ערשט דאן האבן מיר זיך

פארשריבן אין יודנראט. מ׳האט אונז אריינגעשטעלט אין דער ליסטע און געשיקט אויף ארבעט. איך, צוזאמען מיט מיין שוועסטער, האבן געארבעט אין א שטריקעריי־ווארשטאט. די דייטשן האבן אונז געגעבן וואָל און מיר האבן געשטריקט פאר זיי זאָקן, הענטשקעס און סוועדערס. איין מאל גייענדיק צו דער ארבעט האב איך געטראפן דיסנער קריסטן. זיי האבן מיר דערציילט, ווי אזוי מען האט ליקווידירט דעם דיסנער געטא און אז מיין פאטער און נאך 17 „פאכמענער״ זיינען לעבן געבליבן, כדי זיי צו באדינען. דאס זיינען געווען: דער צאן־טעכניקער ליפשיץ, די אפטייקערין חיה־דאבע געלמאן, דער שטעפער אברהם שער, דער סטאלער חיים פרידמאן, דער שלאסער סיאמע בארקאן, צוויי ברידער סמירין, סטאלערעס זעלדע קאגאן האט געארבעט ביי די דייטשן אין קיך, ווי אויך אייניקע שניידער און אנדערע.

ווען מען האט ליקווידירט דעם דיסנער געטא איז מיין פאטער אנטלאָפן צו באקאנטע קריסטן, מיט וועלכע ער האט די גאנצע צייט געארבעט. נאר זיי האבן אים געבונדן און איבערגעגעבן צו די דייטשן. א דאנק פיל געלט האט ער זיך אויסגעקויפט און מ׳האט אים פארעכנט אלס פאכמאן.

א דאנק דעם פוילישן שאפער חאבראצקי האב איך זיך פארבונדן מיטן פאטער און באקומען פון אים געלט און פעקלעך. פון חאבראצקין האב איך זיך דערוווּסט מער פרטים וועגן דער ליקווידאציע פון דיסנער געטא. אין דער זעלבער צייט, ווען מיר זיינען געלאפן פון געטאָ, האבן די דייטשן ארויסגעטריבן אלע איבערגעבליבענע אין די הייזער יידן אויף די זאמדן, וווּ ס׳האבן זיך געפונען די קברים פון די קעמפער אין יאר 1812, בעתן קריג צווישן רוסלאנד און נאפּאָלעאָן. די קריסטן האבן אויסגעגראבן גריבער און די דייטשן האבן אלעמען אויסגעשאסן. אין דער ליקווידאציע זיינע דערמארדעט געווארן ארום צוויי טויזנט יידן. די איבעריקע זיינען זיך צולאפן. דארט האבן זיי דערהרגעט מיין מוטער און מיין שוועסטער זעלדע. נאך דעם האבן די דייטשן אנגעהויבן זייער געיעג נאך די יידן אין די וועלדער, וועלכע זיי פלעגן ברענגען אויפן זאמד און דערשיסן. אזוי ארום האבן זיך נאך אייניקע געראטעוועט.

די 17 „פאכמענער״ האבן די נאציס דערמארדעט דעם 22־סטן יאנואר 1943, ט״ז בשבט, כלומרשט צוליב דעם, ווייל די פארטיזאנער האבן צוגענומען מיט זיך דעם דאקטאר נחום לקח, וועלכער האט געוווינט אין לוזשקי. די דייטשן האבן מורא געהאט, אז די 17 יידן זאלן זיך נישט צולויפן צו די פארטיזאנער, דעריבער האבן זיי אלעמען ארעסטירט און אין שטאל זיי דערהרגעט. זייערע קערפערס האבן זיי אריינגעווארפן אין די גריבער, וווּ מען פלעגט גראבן זאמד, נעבן גימנאזיע.

טראץ דעם אלעמען האב איך מיט מיין שוועסטער געלעבט... אזוי ווי איך האב געארבעט אין שטריקעריי, האב איך געהאט רעכט צו באקומען שפייז־פראדוקטן. די פארציע איז געווען זייער א קארגע און דאס ברויט, געמישט מיט האָבער. אונז האבן געשפייזט אונזערע קרובים און חברטעס פון דיסנע, וועלכע זיינען געקומען קיין גלובאקע נאך פאר דער ליקווידאציע פון דיסנער געטא — מייטע מאכינזאן און שרה ביילין. איבערהויפּט האט אונז געהאלפן מייטע, וועלכע האט געארבעט אין א „ווארנהויז״ און פלעגט מיר ברענגען קליידונג.

אזוי ווי מיר האבן געוווינט ביים טויער פון געטא, האבן מיר געלעבט אין שטענדיקן פחד. איין מאל ביינאכט האבן זיך צו אונז אין שטוב אריינגעריסן שיכורע דייטשן און האבן אונז שלאפנדיקע אנגעהויבן שלאגן. איך מיט מיין שוועסטער, נישט פארשטייענדיק וואס דא קומט פאר, זיינען ארויסגעשפרונגען דורכן פענצטער און באהאלטן זיך אין בונקער. נאך אונז זיינען געלאפן די איבעריקע מענטשן פון שטוב. אויף מארגן פרי, ווען מיר האבן געזען, אז אין געטא איז שטיל, זיינען מיר אריין צוריק אין שטוב.

דאס לעבן אין גלובאקער געטא איז געווען זייער שווער. יידן פון 50 דערפער און שטעטלעך פון דער ארומיקער געגנט האבן דא געפונען זייער מקלט. ס׳איז געווען א שרעקלעכע ענגשאפט. דער טויט איז געהאנגען איבערן קאפּ און יעדער האט פארויסגעזען זיין אייגענעם טויט. יעדן פרימארגן פלעגט מען הערן, אז פאריקע נאכט האט מען וועמען ארויסגעפירט פון געטא און דערשאסן.

אייניקע פון די יינגערע מענטשן זיינען אוועק צו די פארטיזאנער. אין יענעם יאר, 1943, האבן זיך אנגעהויבן צו ארגאניזירן די פארטיזאנער גרופן.

אזוי האבן מיר דערצויגן ביז אקטאבער 1943. אנהויב יאנואר האט מען מיך אריבערגעפירט ארבעטן פון דער „שטריקעריי" אין קיך פון וויטוויצקיס רעסטאראן. און וועגן דעם אייניקע ווערטער: אין גלובאקער געטא האט זיך געפונען אן אבערשטורם־פירער, א דייטש, וויטוויצקי. ער האט טאקע געלעבט אין גלובאקע, נאר מ׳האט נישט געוווסט מיט וואס ער האט זיך פארנומען. ווען די דייטשן זיינען אריין אין גלובאקע, איז ער דערשינען אויפן האריזאנט. אלעמען האט ער געקענט און איז געווען א שרעקלעכער סאדיסט. ער אליין האט דערהרגעט ירוחם לעדערמאנען. ער פלעגט זיך אריינרייסן אומדערווארטעט אין געטא און פלעגט שלאגן מענטשן כמעט ביז טויט. שטענדיק האט ער געפאדערט קאנטריבוציעס און ער איז דער, וועלכער האט געפירט דעם קאמף קעגן די פארטיזאנער.

## די ליקווידאציע פון גלובאקער געטא

אין סעפטעמבער האט זיך די לאגע אין געטא אויף אזוי פיל פארשארפט, אז מען איז נישט געשלאפן די נעכט, פארויספילנדיק די ליקווידאציע. איין נאכט האט מען דערשפירט, אז ס׳רודערט זיך עפעס ארום געטא. אלע זיינען באלד אויפגעשפרונגען. אזוי ווי מיר האבן געוווינט ביים טויער, זיינען מיר געזעסן אויפן דאך און אבסערווירט.

אין דער פרי האט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאציע. כ׳האב מיט מיינע אויגן געזען ווי דער דייטשער קאמענדאנט האט ארויסגערופן דעם קאמענדאנט פון דער יידישער מיליץ, בלאַנט, און אים באפוילן צונויפזאמלען 8 אין דער פרי אלע יידן, ווייל מ׳דארף זיי אריבערפירן קיין לובלין אויף ארבעט. מיר האבן נאך דאן וועגן מיידאנעק נישט געהערט. נאר דער אויסדרוק „פירן אויף ארבעט" האט פאר אונז געהייסן טויט. נאך פארטאג האב איך באמערקט, אז דער געטא איז אַרומגערינגלט מיט זשאנדארמעריע מיט פארשיידענע געווער.

באלד האבן זיך אלע יידן ארויסגעלאזן מיט פאניק אין די גאסן, נישט וויסנדיק וווהין צו לויפן. מ׳איז געלאפן פון איין עק געטא צום צווייטן. פיל יידן אין געטא האבן געהאט געווער, נאר צום באדויערן האט מען האט נישט געוווסט, ווי אזוי עס צו באנוצן. און דא האבן אנגעהויבן קליינע טאנקן אריינגיין אין געטא. די יידן האבן צובראכן אין איין פלאץ דעם צוים און אנגעהויבן צו אנטלויפן.

כ׳בין געלאפן צוזאמען מיט מיין שוועסטער. פאר אונדז זיינען געלאפן מאנסבילן. פלוצלונג האט זיך אויף אונז געעפנט א געדיכטער פייער און מענטשן האבן אנגעהויבן צו פאלן ווי פליגן. איך האב באשלאסן זיך נישט אומצוקוקן. בעסער באקומען א קויל אין רוקן, איידער אין די אויגן. אזוי האלטנדיק מיין שוועסטער ביי דער האנט, בין איך געלאפן, ווי א שטורעם־ווינט. פלוצלונג האב איך דערפילט, אז כ׳בין פארוווּנדעט אין האנט. לויפנדיק האב איך פארבאנדאזשירט די האנט מיט מיין קאפ־טיכל, אבער איך האב אפגעלאזן מיין שוועסטערס האנט. זי,אן אלף־יאריק מיידעלע האט, קענטיק, מיר נישט געקענט אניאגן און כ׳האב זי פארלוירן. ארום מיר האבן אויפגעריסן קוילן. מיט מאשין געווער האט מען אונז באשאסן פון אלע זייטן. די נאציס זיינען געזעסן אויף די בוימער און פון דארט געשאסן פון מאשין־געווער און געווארפן גראנאטן. כ׳האב זיך אומגעקוקט פון הינטן און דערזען מיין שוועסטער פון ווייטן. באלד האט נעבן איר אויפגעריסן א גראנאט און כ׳האב פארשטאנען, אז כ׳האב זי פארלוירן אויף אייביק... קיין צייט צו טראכטן איז נישט געווען און וואס צו טאן איז אויך נישט געווען, בין איך געלאפן פארויס. נעבן מיר איז געפאלן מיינע א חברטע ראסקע צימער פון שארקאווטשטיזנע.

דערלויפנדיק צום וואלד האבן מענטשן אנגעהויבן שרייען, אז דער וואלד איז ארומגערינגלט און מ׳קאן נישט אדורכגיין. דאן האבן מיר זיך געלאזן לויפן אן א זייט. און דא האב איך דערזען מיין שוועסטער. ס׳האט זיך ארויסגעוויזן, אז זי איז שווער פארוווּנדעט אין זייט. האלטנדיק איר אויף די הענט, האב איך זי אנגעהויבן שלעפן. צו מיין מזל האבן מיר גוטע מענטשן געהאלפן. אזוי האבן מיר קוים דערגרייכט צום וואלד. דארט האב איך אויסגעטאָן מיין בלוזקע, איינגענעצט אין ברודיקן וואסער און ארומגעוואשן אונזערע ווונדן. מיין שוועסטער האט געפלוידערט פון היץ. כ׳האב זיך ווידער געלאזן גיין מיט מיין האלב־טויטער שוועסטער, צוזאמען מיט נאך גלובאקער יידן, צווישן זיי פיל פארוווּנדעטע. נאר איינער האט געהאט מיט זיך א ביקס. מיט אים איז געלאפן זיין פרוי און א ברוסט קינד. א דאנק

דעם ביקס האבן מיר באקומען שפייז, וואס מיר האבן גענומען ביי פויערים. ווי לאנג מיר האבן געוואנדערט אין וואלד גדעדנק איך נישט. אין אוזערע וונדן האבן זיך באוויזן ווערים.

אזוי וואנדערנדיק האבן מיר זיך אנגעשטויסן אויף א גרופע פארטיזאנער, וועלכע האבן זיך געפונען ארום שארקאוושטשיזנע. צו אונזער גליק זיינען צווישן זיי געווען יידן פון אנדערע פארטיזאנער־אפטיילונגען. דערווייל האבן זיך צונויפגעזאמלט פיל יידן פון גלובאקער געטא, מיט זיי דער אפטייקער שיינקמאן מיט דער טאכטער. זיי האבן אונז פארבאנדאזשירט אונזערע וווּנדן מיט דער הילף פון די פארטיזאנער. צווישן די יידישע פּאַרטיזאנער האבן מיר געפונען באקאנטע און זיי האבן באשלאָסן אונז מיטצונעמען מיט זיך.

אזוי ארום בין איך, מיין שוועסטער און נאך אייניקע אריינגעטראָטן אין דער 4טער ווייסרוסישער פארטיזאנער־בריגאדע, וואס איז געשטאנען אין דיסנער־מיארער ראיאן. קודם האט מען אונז א לאנגע צייט געהיילט ביז אונדזערע וווּנדן האבן זיך פארהיילט. ס׳האט זיך ארויסגעוויזן, אז כ׳בין געווען פארוווּנדעט אויך אין זייט. נאר צוליב די שרעקלעכע ווייטיקן, וואס מיין האנט האט מיר פארשאפט, האב איך נישט געפילט דעם זייט. ביי מיין שוועסטער האבן זיך די וווּנדן א לאנגע צייט נישט פארהיילט.

מיין ערשטע ארבעט ביי די פארטיזאנער איז געווען אין דער פאָרשונגס־אפטיילונג. כ׳פלעג זיך איבערטאָן אלס פויערטע און ארומגיין איבער שטעט און דערפער, כדי צו באקומען ידיעות, וועלכע זיינען געווען נויטיק פאר אונזערע פארטיזאנער. אָפט האט געטראפן, אז מ׳האט מיך אנטדעקט און זיך נאכגעיאָגט נאך מיר.

איין מאָל, אנהויב 1944 יאר, בין איך און דער פאראנטוואָרטלעכער פון דער פאָרשונגס־גרופע שמעון גאָלדין ארויסגעפאָרן זיך פארבינדן מיט א געוויסן פּאָליציאנט, וועלכער האט פאר אונז געארבעט. די פויערים האבן איבערגעגעבן אין פאליציי, אז אין דאָרף (נעבן מיאר) געפינען זיך פארטיזאנער און מ׳האט אונז אָנגעהויבן אַרומרינגלען. מ׳האָט אונז שרעקלעך באשאָסן. דער וואָגן אונזערער איז געווען דורכגעלעכערט ווי אַ זיפּ. מיט נסים איז אונז געלונגען צו אֶנטלויפן. אין אונזער אָפּטיילונג האבן אלע געמיינט, אז מיר זיינען אומגעקומען. אונזער אויפגאבע האבן מיר אויסגעפילט.

כמעט אין משך פון מיין גאנצער קריגס־ארבעט פלעג איך יעדן אָוונט ארויספארן רייטנדיק אויף אַ פערד איינע אַליין, כדי צו באַקומען פארשיידענע ידיעות און נישט איין מאל האט מיך די פּאָליציי נאָכגעיאָגט און באַשאָסן. ווען כ׳האב שוין מער נישט געקענט ארבעטן אין דער אָפּטיילונג, ווייל אלע האבן מיר שוין געקענט, האב איך געאַרבעט אלס א ידיעות־צושטעלערין אין א קאַמפּס־אָפּטיילונג. דא האב איך געארבעט ביז די סאוויעטישע ארמיי איז אַריין אין אונזער געגנט.

בעתן דורכרייסן די בלאָקאדע, בעת וועלכער ס׳זיינען געפאלן 50 פּראָצענט פון אונזער בריגאדע, בין איך ווידער פארוווּנדעט געווארן. דאס מאל אין פוס. די קויל געפינט זיך אין מיין פוס ביז היינטיקן טאג.

כל זמן איך בין געווען אין די פארטיזאנער גרופּן האט זיך מיין שוועסטער, וועלכע איז נאך געווען צו קליין צום קעמפן, געפונען ביי די פויערים אין דאָרף נעבן אונזער אָפּטיילונג. די בלאקאדע אין מאי 1944 איז אויסגעבראָכן אַזוי אומדערווארט, אז כ׳האב נישט באוויזן צו אינפאָרמירן מיין שוועסטער און זי איז אריינגעפאלן אין די דייטשע הענט. ווען מען האט זי געבראכט אין דיסנער פאליציי, האט מען זי דערקענט און אנגעהויבן פאָרשן, ווו איך בין. זי האט די גאנצע צייט געטענהט, אז כ׳בין אומגעקומען.

אין א קורצער צייט ארום האט די דייטשע מיליטער אנגעהויבן אפטרעטן און דאס האט אויסגענוצט מיין שוועסטער. זי איז צוריק אנטלאפן אין דאָרף, ווו זי איז פריער געווען. דא האט זי זיך אויסבאהאלטן ביז די סאוויעטישע רעגולערע ארמיי האט זיך פאראייניקט מיט אונזער בריגאדע. ווען זיי זיינען נאָכיאָגנדיק די דייטשן אדורכגעגאנגען דעם דאָרף, האב איך זי געטראָפן.

### די באפרייונג

אין יולי 1944 האט מען אונז, פּאַרטיזאנער, באפרייט. א טייל איז געגאנגען אין דער רעגולערער אַרמיי, אנדערע האָט מען געשיקט ארגאניזירן די אָרטיקע מוניציפּאַליטעטן. מיך האט מען געשיקט קיין יאזנע. סוף 1945 בין איך אוועקגעפארן קיין לענינגראד צו

מיינע קרובים. אין יאר 1948 בין איך געקומען קיין ווילנע, ווו כ'בין געווען ביז ס'האט זיך אנגעהויבן די רעפאטריאציע קיין פוילן, ד.ה. ביז 1957. אין יאר 1959 בין איך אָנגעקומען קיין ישראל.

זייענדיק אין ווילנע פלעג איך אָפט באַזוכן דיסנע. נאר קיין מאל האב איך נישט געהאט קיין מוט צו באזוכן דעם פלאץ, ווו אונזערע טייערע זיינען אומגעקומען. כ'האב געוווּסט, אז מיין מוטער און שוועסטער געפינען זיך אין ריזיקן ברודער־קבר און מיין פאָטער אין קבר פון די 17 יידן. אין יאר 1955 האב איך פעסט באשלאָסן צו געפינען די קברים. אויפן ריזיקן קבר האב איך גע־פונען קופעס מיט מיסט.

צוזאמען מיט חיים סמירין (זיינע ברידער געפינען זיך אין זעלבן קבר מיט מיין פאָטער) האבן מיר בא־שלאסן אָפרייניקן דעם קבר און אוועקשטעלן לכל הפחות א סימן, אז דאָ ליגן אומגעקומענע יידן. מיר האבן געדונגען קריסטן, וועלכע האבן געגוי געפונען דעם קבר און מיר האבן אויף אים אוועקגעשטעלט א מצבה.

## פרטיזנים בני-דיסנה

(קטע מספרו של משה כגנוביץ)

הסייר מגדוד „קומלוב" (בריגדה „מורוזוב" מחוז דיסנה) סיומק לקח (דיסנה) נתקל יחד עם חמשה מחב־ריו באש קטלנית של מארב גרמני, שמנה למעלה מחמישים איש (26 ביולי 1943). התלקח קרב בינם לבין הכח הגרמני העדיף. סיומק זרע בתת המקלע שלו אש על ימין ועל שמאל, ועודד את הלוחמים: „חברים לא להכנע, לירות עד הכדור האחרון!" בהיותו פצוע התרומם, זרק את הרימון שלו והרג כמה גרמנים. רובם של אחד־עשר הגרמנים הנופלים, מידיו נפלו. הוא הוציא את נשמתו בהכרה שנקם את נקמתו!

גם משה הופמן, פרטיזן הבריגדה „מזיקין" (על שם המפקד), הקריב את חייו הצעירים למען הצלת יהודים. בבריגדה היה ידוע כסייר אמיץ ומוכשר. הוא היה אחד מנוקמי דם היהודים, ובמו ידיו ירה לעיני כל, בפני שורות הלוחמים באיכר זאנוס, שהסגיר קבוצת יהודים לידי הגרמנים. בסוף פברואר 1944 נצטוו שלשת הפרטיזנים היהודים — משה הופמן, לייב ברזון (דיסנה) ויצחק ארון (מיור) על ידי הקומיסר של הגדוד הששי לסייר ולהודיע על הכוחות הגרמניים שבחיל המצב בעיירה מיור, וכן על הלכי רוח בין התו־שבים הפולנים בסביבה. בדרך חזרה לבסיס גדודים בכביש דיסנה־מיור (ליד הכפר יאקובושצ'יזנה), כותרו פתאום ע"י מאה גרמנים ושוטרים, שדרשו את כניעת היהודים. בתשובה לדרישתם פתח הופמן באש ופגע בכמה גרמנים. בהיותו פצוע בשלשה מקומות בגופו הוסיף לחפות באש רובהו על נסיגתם של חבריו, שהצ־ליחו להמלט. כדור האויב ריסק את רקתו ושיתק אותו ואת רובהו. בעת טרם הקבורה הספידו קומיסר הגדוד, קרפוב, שאמר בין היתר: „נפל היום אחד הגיבורים והאמיצים ביותר מחברי הבריגדה שלנו".

## מאיר קליאט: **צילה יקטן**

איני זוכר היכן שמעתי, איני יודע מי ספר, אך כך היה המעשה.

עומדים היו יהודי דיסנה ליד בור קברם, כשלפתע בקע קול מלא עוז של נערה בשם יקטן מזדישנקה. היא פנתה לרוצחים הגרמנים וכך אמרה: אל תדמו בנפשכם כי בהכותכם נפש את יהודי דיסנה תנצחו במלחמה. כבר הוכח בדברי הימים, כי כל שנטפל לישראל אבד זכרו. אף אתם, זכרכם יסוף מתחת השמים.

ראויה ז'ן ד'ארק זו, ששמה יירשם לכבוד בספר הזכרון ליהודי דיסנה.

## מאיר קליאט: **דאס לעצטע ווארט פון א זאדיסיענקער מיידל**

א לאנגער פלאכער גראָבן אויסגעצויגן, גרייט צו כאפן, אָפן, גרויזאם אין געלן זאמד. דער לעצטער וועג פון די דיסנער יידן. הונדערטער, טויזנטער שטיי־ען זיי אויסגעשטעלט לענג אויס. אָרום שיסערייען און געשרייען, ווי פון ווילדע חיות. יעער איינער מאכט זיך זיין חשבון הנפש. יעדער איינער געזעגנט זיך מיט... זיך. און פלוצלונג א שטימע, הויך, שטאלץ, מוטיק און דרייסט:

„מיינט נישט, אז דורכן אויסמארדן די דיסנער יידן וועט איר דעם קריג געווינען. אייער מפלה איז אזוי זיכער, אזוי ווי די מפלות פון די אלע, וועלכע האבן אונז געפייניקט אין פארלויף פון אונזער לאנ־גער היסטאריע. מיר וועלן אייך איבערלעבן!״

דאס איז געווען צילע יאקטאן פון זאדיסיענקע.

## רפאל ממכס וזלמן אלקינד: **הגיטו בדיסנה**

כשפרצה המלחמה בין רוסיה לגרמניה, היתה דיסנה אחת מן הערים שנכבשו בידי הנאצים. רבים מתושביה היהודים, צעירים בעיקר, נטשו את בתיהם ויצאו לתור לעצמם מקום מקלט. הנותרים, כשלושת אלפים איש, רוכזו בגיטו שתפס את רחוב פולוצק וסמטאותיו הסמו־כות ואת מחציתו של רחוב גלובוקה.

לגיטו כונסו גם יהודי הכפרים שבסביבה ויהודים, שנמצאו מסתתרים בבתי אכרים. הצפיפות בגיטו היתה רבה. גרו למעלה מארבעים איש בבית אחד, בתנאי היגיינה קשים.

כשנוסד הגיטו, מינו הגרמנים „יודנראט״, שתפקידו היה לבצע את כל הוראות המפקדה הגרמנית. אסור היה ליהודים לצאת את הגיטו, אף לא לעבור את הגשר ולגשת לשוק לקנות צרכי מזון. כנגד זה היו נלקחים אנשים לעבודת כפיה ולהתעללות. בנות צעירות ונאות נאלצו לנקות בתי שמוש. היודנראט עסק גם באיסוף מצרכי מזון מבעלי היכולת וחלוקתו בין חסרי־כל. רבו האנשים שלא היה להם כדי קיום והם גועו ברעב.

בשבת הגדול של שנת 1942 נטלו הגרמנים כשלושים איש והרגום ביריה. הדבר נעשה, משום שבנו של מפקד המחוז נפל בחזית. מיד לאחר מעשה הרצח פשטו שמועות, שבעירות הסמוכות, כמו פרוזורקי, ז׳אבקי ולושקי, חיסלו את יושבי הגיטאות. בגיטו דיסנה נוצרו אז קבוצות של צעירים, שהוטל עליהם לשמור ולהתריע על בואם של ה„זונדרקומנדו״, שתפקידם היה חיסול הגיטאות.

בראש חודש תמוז, 15 לחודש יוני 1942, בשעה שלוש לפנות בקר הרגישו שומרי הגיטו בשוטרים ובז׳נדרמים גרמנים המקיפים את הגיטו. השומרים הזעיקו מיד את התושבים ופרצה בהלה גדולה. רבים הצליחו לברוח. את אלה שלא ברחו אספו הגרמנים אל החולות, במקום בו היה בית קברות מימי מלחמת נפוליון בשנת 1812. תחילה הכריחו אותם לחפור שני בורות גדולים, אחר כך הוליכו אל הבורות קבוצות קבוצות של יהודים, הניחום בשורות וירו בהם. האנשים הובלו בבגדיהם התחתונים, כדי שאפשר יהיה לפשפש בכליהם אם אין הם מסתירים זהב ותכשיטים.

אברהם פייקין ירה במנוסתו באקדח לעבר אחד השוטרים, אך הוא נפגע ביריות.

האשה צילה יקטן ירקה על קצין גרמני ואמרה, כי כמו שהם יורים ביהודים כן יירו בהם.

כך חוסל הישוב היהודי בדיסנה. בני הנעורים לא הקדימו לברוח מחשש שבגלל כך יוצאו להורג כל הנשארים.

# רפאל מעמכעס און זלמן עלקינד : **דיסנער געטא**

פון יאָר 1939 איז דיסנע געווען אונטער דער מאַכט פון ראַטנפאַרבאַנד. ווען ס'האט זיך אנגעהויבן די מלחמה צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד, דעם 22.6.41, איז דיסנע געווען איינע פון די ערשטע שטעט, וואָס איז געוואָרן אקופּירט דורך די נאַציס. אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, די מערהייט יוגנט, האט פאַרלאָזן זייערע היימען און זיינען אַוועק אין דער וועלט זוכן אַ מקום מקלט.

די מערהייט יידן, איבער דריי טויזנט מענטשן, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין דיסנע, זיינען דורך די דייטשן קאָנצענטרירט געוואָרן אין אַ געטא, וואָס האט זיך געפונען אויף פאלאצקער גאַס מיט אירע געסלעך און אַ האַלבע גלובאקער גאַס, אויף זאדיס־יענקע. דארט האבן געלעבט איבער 40 מאַן אין אַ שטוב.

גלייכצייטיק איז געווען אַ באַפעל פון די נאַציס, אז אין דיסנער געטא זאָלן אַריינגעטריבן ווערן אַלע יידן, וועלכע האבן געלעבט אין די ארומיקע דערפער און די, וועלכע האבן זיך אויסבאַהאַלטן צייטווייליק אין דערפער ביי באַקאַנטע פּויערים.

ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן דער געטא האבן די דייטשן באַשטימט פינף מענטשן, בראש מיט נחום ראכלין (פון פלאָן), אַלס א יודנראט, אויף וועלכע ס'איז געלעגן די פליכט אויסצופירן אלע באַפעלן פון דער דייטשער קאָמענדאנטור. אין דער צייט פון געטא האבן יידן נישט געהאט קיין רעכט צו פאַרלאָזן די אויבן דערמאנטע גאַסן, אפילו אַריבערגיין די גאס און גיין קויפן פראדוקטן אויפן מארק צום לעבן.

באַלד ווי דיסנע איז געוואָרן אקופּירט דורך די מערדער, האבן זיי פאַרברענט אלע בתי־מדרשים, וואס האבן זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט פון שטאט, ד. ה. נישט אויף דער טעריטאָריע, ווו ס'האט זיך געפונען דער געטא. סך הכל זיינען פאַרברענט געוואָרן 6 בתי־מדרשים.

די יידישע באַפעלקערונג פון דיסנע האט געלעבט אין נויט און פּיין און אין נישט היגיענישע באַדינגונגען.

די דייטשע רוצחים פלעגן יעדן טאג, דורך דעם יודנראט, נעמען מענטשן אויף צוואַנגס־אַרבעט, נישט באַצאַלנדיק קיין גראשן און פלעגן שלאָגן ביי דער ארבעט. איבערהויפּט פלעגן זיי אויסקלייבן שיינע, יונגע מיידלעך און געצווונגען זיי רייניקן מיט די הענט די אַפּטריטן. זייער אפט פלעגן די דייטשן פאַדערן דורך דעם יודנראט וואַרעמע קליידונג פאַר זייער אַרמיי; גאָלד און צירונג. שטענדיק האבן זיי געדראהט, אויב עס וועלן נישט ווערן איוסגעפירט זייערע באַפעלן, וועלן זיי נעמען יידן אויסצושיסן.

אין דער צייט פון געטא האבן די קינדער זיך נישט געלערנט, ווייל ס'איז נישט געווען דערלויבט צו באַזוכן די שול. אין דער צייט פון געטאָ זיינען געווען פיל, וועלכע האבן נישט געהאַט קיין עקזיסטענץ צום לעבן. מיט דער הילף פון יודנראט פלעגט מען צונויפקלייבן פּראָדוקטן ביי די פארמעגלעכע און צוטיילן דאס צווישן די, וועלכע האבן בכלל נישט געהאט קיין זאך. פאַרשטייט זיך, אז דאס האט נישט געקלעקט פאַר אַלע נויטיקע און א סך פון די נויטבאַדערפטיקע פלעגן שטארבן פון הונגער.

אין יאר 1942, שבת הגדול, האבן די דייטשן אויסגעקליבן 30 יידן און אויסגעשאסן דערפאַר, ווייל ביי דעם געביטס־קאָמיסאַר איז געפאלן דער זון אויפן פראנט. אזוי זיינען אויסגעשאסן געוואָרן פיל יידן אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וואס האבן געהערט צום גלובאקער געביט.

נאכן דערמאָרדן די אויבן דערמאנטע 30 יידן, האבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי פראזאראקי, זיאבקי און לוזשקי, האט מען ליקווידירט די געטאָס. אין דיסנער געטא זיינען אָרגאניזירט געוואָרן גרופּעס פון יוגנטלעכע, וועלכע האבן געדאַרפט שטיין אויף דער וואך און צו וויסן געבן דער באַפעלקערונג וועגן אנקום פון דער דייטשער „זאנדערקאָמאנדע", וואס האט זיך פארנומען ספּעציעל מיט פארניכטן די געטאָס.

דעם 15־טן יוני 1942, דעם ערשטן טאג אין חודש תמוז, 3 אזייגער פארטאג, האט מען באַמערקט ווי דייטשע זשאנדארמעריע און פּאָליציי רינגלען ארום דעם געטא. ס'איז באַלד אַלאַרמירט געוואָרן און אין געטא האט זיך אנגעהויבן א בהלה. פיל פון דער באַפעלקערונג האט אנגעהויבן צו אנטלויפן. די, וועמען ס'האט זיך נישט איינגעגעבן צו אנטלויפן, האבן די דייטשע מערדער צונויפגעזאמלט אויפן זאַמד (דארט ווו ס'איז געווען דער בית־עלמין פון די געפאלענע אין יאר 1812). מ'האט זיי געצוווּנגען אויסגראבן צוויי גרויסע גריבער. אהין האט מען זיי געפירט גרופּנווייז, אויסגעלייגט אין רייען און דערמארדעט. מ'האט זיי געפירט אין די אונטערשטע וועש, כדי צו באַזוכן, צי ס'איז נישט פאראן ביי זיי קיין גאָלד און צירונג.

אברהם פייקין האט אנגעהויבן אַנטלויפן, שיסנדיק פון אַ רעוואָלווער צו אַ פּאָליציאַנט. אבער ער איז געוואָרן דערשאסן ביים אַנטלויפן. צילע יאקטאן האט באַשפּיגן אַ דייטשן אָפיציר, זאגנדיק אים, אז אזוי ווי זיי שיסן אויס די יידן, וועלן זיי אויך אויסגעשאסן ווערן.

אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דער יידישער ישוב פון דיסנע. די יוגנט האט נישט געהאט די מעגלעכקייט צו אנטלויפן פון געטא פאר דער ליקווידאציע, ווייל זיי האבן מורא געהאט, אז צוליב דעם, וואס זיי וועלן אנטלויפן, וועט מען אויסשיסן זייערע עלטערן און די גאנצע באַפעלקערונג.

## נתן אבראמזאן : א מאנומענט די קדושים פון דיסנע

די „יונאיטעד דיסנער בענעוואָלענט אַסאָסיעישאַן" אין ניו־יארק בעט אַלע מיטגלידער, לאנדסלייט און פריינט קומען צו דער ענטהילונג פון דעם מאַנומענט נאָך די דיסנער קדושים, וועלכע זיינען אויף אַ בעסטיאלישן און טראגישן אופן אויסגעהרגעט, פאַרברענט און לעבעדיקערהייד באַגראָבן געוואָרן פאַרן שטאָלץ אן כבוד פון יידישן פאלק דורך די היטלער־מערדער און זייערע אַרויסהעלפער, דעם 15־טן יוני 1942.

די אויפדעקונג פון דעם הייליקן שטיין קומט פאָר זונטאג, 13־טן סעפטעמבער, 2 בייטאג, אויף דער מאָנטעפיאָרע סעמעטערי, בלאָק 86, סעקשאן דיסנער.

הרב זלמן מאיר ליכטיק, פון קאָנג' „בני אברהם" פלאַשינג, וועט אָנפירן מיט דער ערהילונג צערעמאָניע.

מיר בעטן אַלע דיסנער און אומגעגנט קומען און אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד צו אונזערע הייליקע און טייערע, צו אונזערע טאַטעס און מאַמעס, צו אונזערע ברידער און שוועסטער, צו אונזערע פריינט און באַקאַנטע, און צו די נאר וואָס געבוירענע עופה'לעך, וועלכע די היטלער־בעסטיעס האבן אויף אַן אומרחמנותדיקן אופן אומגעבראַכט.

לאָמיר זיך אַלע פאַרזאַמלען און זאָגן א קדיש נאָך די הייליקע נשמות. לאָמיר נישט פאַרגעסן דעם גרויסן אומגליק, וואס האט געטראָפן דעם יידישן פאלק בכלל און אונזערע טייערע דיסנער. לאָמיר נישט שלאָפן און חלומען גוטע חלומות. לאמיר אויפגעבן אונזער האַוועז און שמייען און לאָמיר געדענקען וואס עס איז געטאן געוואָרן צום יידישן פאלק.

די „יונאַיטעד דיסנער" איז ארגאַניזירט געוואָרן אין יאַנואַר 1923, און געפינט זיך אויף 110 וועסט 48־טע גאס. מיר טרעפן זיך יעדן ערשטן שבת פון מאָנאט.

די דיסנער אָרגאַניזאציע, וואס איז געגרינדעט געוואָרן מיט איבער פערציק יאר צוריק פון די אימיגראנטן; וואס זיינען געקומען פון דיסנע, האט אלע יאָרן אָנגעפירט מיט אַרבעט צו העלפן די ארעמע אין דיסנע, ביז דעם גרויסן פייער פון 1940. אויך שטיצן מיר פאַרשיידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס דאָ אין לאנד.

די שטאט דיסנע איז אָפּגעשטאָרבן. אבער מיר דאָ

ציען ווייטער דעם המשך פון דער פאַרשניטענער יידישער דיסנע. מיר זיינען אַ שיינע אָרגאַניזאַציע, מיט אַ מיטגלידערשאפט פון איבער הונדערט פאַמיליעס. מיר זיינען אויך גרייט אָריינצונעמען נייע מעמבערס צו יעדער צייט.

דאָ וויל איך באַדאַנקען די ברידער אייזיק עליעגאָוו, סעם מייסענסאָן, סעם שיינקמאַן, ישראל גריינימאַן און אונזער לאָיער לעאַרד קאַרלין, פאַר זייער אַרבעט לטובת אויפצושטעלן דעם הייליקן מאָנומענט.

די יידישע דיסנע איז געווען באַוווּסט מיט איר קולטורעלן לעבן. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע אינטעליגענטע איינוווינער, מיט די צוויי שיינע רבנים (הרב שמעון לוי ביאַליסטאָצקי און הרב שמריה זלמן יפה), וועלכע זיינען צוזאַמען מיט די אַנדערע יידן אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַציס.

די קליינע דיסנע, מיט אירע אַכט בתי מדרשים, א שיינע יידישע פאָלקס־שול, אַ גרויסע תלמוד תורה, יידן בעלי בתים און בעל מלאכות, קרעמער, פרייע פראָפעסיעס און אַרבעטער; אויך די ציוניסטישע ארגאַניזאציעס, אין וועלכע די דיסנער יוגנט איז געווען אַזוי טעטיק, אויך די צוויי גרויסע בולווארן (פארקס) — איינער לעבן דער דווינע און דער צווייטער אין דאָראָשקאָוויץ. היינט שטייען די בולוואַרן פאַרטרויערט. אונטער די שיינעביימער זיינען די קברים, וואס די דיסנער יידן האבן געדארפט גראָבן פאַר זיך און דערנאָך זיינען זיי אין די קברים לעבעדיקערהייט פאַרשאָטן געוואָרן. דיסנער יידיש בלוט איז פאַרשפּריצט אויף יעדן צווייגעלע פון די שיינע ביימער.

פון די פינף טויזנט דיסנער יידן איז נאר געבליבן צוויי גרויסע מאַסן־קברים, אין וועלכע עס ליגן די רעשטלעך פון די אומגעבראַכטע. די קברים געפינען זיך הינטערן שטאָט, אָדער, ווי מ׳האט דאס אַמאל גערופן, זאדישענקע.

פון אונזער שיינער יידישער דיסנע זיינען איבערגעבליבן נאָר געציילטע צעבראָכענע מענטשן, וועלכע זיינען צעזייט און צעשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט.

אַלס פּרעזידענט פון די „יונאַיטעד דיסנער” ווענדע איך זיך צו אונזערע לאנדסלייט: געדענקט שטענדיק! היט אָפּ דעם אָנדענק פון די קדושים! איר זאלט קיינמאל נישט פאַרגעסן וואָס עס איז געטאַן געווארן צו אייערע נאָענטע און טייערע, צו די יידן פון אייער היים־שטאָט דיסנע.

לאָמיר נישט פאַרגעסן יענע פינסטערע טעג, ווען די היטלער רוצחים האָבן געפירט אונזערע פאַמיליעס צום מורא׳דיקן טויט — קומט מאַסנווייז צו דער אויפדעקונג פון דעם הייליקן מאָנומענט.

(איבערגעדרוקט פון „פאָרווערטס” פון פרייטאג סעפטעמבער 11, 1964).

## מאיר קליאט: **ווער קען עס פארגעסן?**

(קאָפּענהאגען)

ווער קען עס פארגעסן די געבורטסשטאט דיסנע מיט איר שיינער נאטור, מיט די טייערע מענטשן, וואס האבן דארט געלעבט?

ווער קען עס פארגעסן די שטאט, ווּ מ׳האט צוטראָטן די ערשטע פאר שיך?

ווער קען עס פארגעסן די שטאט — די היים, ווּ ס׳איז געשטאנען דאס וויגעלע, ווּ די טרייע מאמע האט פארוויגט איר קינד מיט א זיס לידעלע, און אָפּטמאָל מיט א הייסן טרער אין אויג?

ווער קען עס פארגעסן די גאסן, ווּ מ׳איז אין די קינדער יאָרן געלאָפן, געשפּילט זיך; די בוימער אויף וועלכע מ׳האט געקלעטערט; דער גערוך פון די גרויסע טאָפּאָל־בוימער נעבן פסח׳ס שול; דעם אלטן בולוואר, פול מיט אזוי פיל חן און ראָמאנטיק.

די שיינקייט פון די צוויי טייכן, וועלכע האבן זיך צוזאמענגעשלאסן אַרם אין אַרם און געלאפן צוזאמען ווייטער, ווייטער, ביזן גרויסן ים.

אונדזערע הערצער זיינען שטענדיק געווען פאר־בונדן מיט אונזער אלטער היים. דאס אונטערגאנג פון אונזער היים צוזאמען מיט אונזערע טאטעס און מא־מעס, ברידער און שוועסטער, וועט קיינמאל ניט פאר־געסן ווערן.

זאל זייער אָנדענק פארבלייבן אויף אייביק אין אונ־זערע פארבלוטיקע הערצער.



ר׳ מנחם־מענדל סמירין
שו״ב וחשוב



ר׳ שמרי׳ זלמן יפה
ראש הקהל



המועצה העירונית
די שטאָט פאַרוואַלטונג

Замковая ул. г. Дисны.

רח׳ זמקובה
זאַמקאָווע גאַס



בית החולים
דער שפיטאָל




העיר ממעוף צפור
אַנ׳ אַלגעמיינער בליק



גשר הברזל על הדיסנה
דער אייזערנער בריק

# A Journey To The 18th Century

1928

## American-Born Girl Visits Her Grandparents in Poland and Describes What She Saw and Heard

by

ANNETTE ZIMMERMAN

To most people a trip abroad means a trip to Paris, London, Berlin; to the Alps or the Blue Grotto; to the Leaning Tower or the London Tower. To us the trip meant more than a journey across seas to foreign shores, far into distant lands. It meant a journey back through months and years and decades—back through the ages to the eighteenth century.

We went to visit my grandparents. Thousands before us have visited their grandparents; thousands after us will visit their grandparents. For only a few has it been or will it be the adventure it was for us.

My mother had not seen her parents in twenty-two years; my uncle had not seen them in six years. My sister and I had never seen them. These facts suffice to explain why the visit was an adventure for us. Add, then, the fact that my grandparents live in Dzisna, Poland.

Dzisna is a town of four thousand people, located in the northernmost tip of Poland. It lies directly on the Russian border with only a narrow river, the Dvina, separating it from Russian territory. Prior to the World War Dzisna was a busy town. It was the county seat and trading center of the surrounding farming region. Boats travelling on the Dvina stopped at Dzisna. A bridge spanning the river linked Dzisna with the rest of Russia.

Then came the War. In rapid succession there followed the Russian Revolution, invasions by the German, Bolshevik, and Polish armies and the war between Russia and Poland. In this last conflict Dzisna was a battlefield. Practically every house in Dzisna [illegible] period, today used as sash-weights.

Finally calm was restored—that was all that was restored. And the calm was not of peace but of death. Everything that had been the source of life of Dzisna was removed. The bridge was burned, the Dvina was declared the boundary between Russia and Poland in that region. Travel on the Dvina was prohibited under penalty of death. Dzisna, once in the center of a nation, was now on the edge of Poland. The county seat was transferred to a town in the interior of the [illegible] trading was established.

"Then," you will conclude, "nothing was left in Dzisna."

Too much was left in Dzisna. Hunger, disease, poverty, misery were left in Dzisna. These were not removed. They were left by way of "reparation." So favorable is the environment that rather than diminish the "reparation" has increased a hundredfold. The mode of living has degenerated. Twentieth century life has

Although it was eleven at night we decided to start immediately for Dzisna.

As we emerged from the station I remarked to a woman, who had come to greet us, that I thought the station was extremely dark.

"Dark?" She considered my remark unfounded. "It is not at all dark tonight. Look—a light is burning inside."

Of course there was — a kerosene lamp in one room, absolutely no lights outside.

Three wagons had been hired: a large rough one for our trunks, two contraptions which, we were informed, were the finest, most luxurious, and most scientifically constructed carriages, and were available only for such special occasions as a visit by the "Amerikaner." These contraptions could accommodate (more or less com-



fortably) three passengers and the driver. The shock absorbers consisted of a long plank that extended from the rear axle through the carriage and ended abruptly in front. The driver rested on the rear end, the passengers had their legs broken against the sides.

At half past eleven our procession started out for Dzisna. For the first few minutes my sister and I thought that this mode of travel was a lot of fun. We laughed and talked to encourage my mother who despaired of reaching Dzisna with all our bones intact. After a while I began to agree with my mother—but I was the only one who knew of my agreement.

Never before had I encountered such roads. Each square foot had more ruts than the United States has automobiles. At one point we came to a small creek over which there was no bridge. When we rode through it the water almost entered the wagon. A little farther on, in the midst of a large mud-hole, the wagon my mother was in all but upset

daughter after a separation of twenty-two years. My aunt and her husband accompanied my grandmother. While my aunt was busy weeping, I became acquainted with my uncle. We lost no time.

My grandmother, mother, sister, and I rode together into Dzisna. My grandmother, a little woman who looks older than her seventy-five years, was all "dolled up" in a purple coat and a substantial wig which, in the excitement of the moment, had slipped down over her eyes. Of all things to speak about on the occasion of our meeting, we discussed "ingberlach" (ginger candy).

After eight hours of bone-shattering travel we reached Dzisna. Men, women, children, cows, horses, pigs crowded the streets to see the triumphal procession of dusty "Amerikaner." Out of the crowd a toothless ragged woman came running to us. My mother instantly recognized her and shook hands. When it came to kissing—which the woman seemed desirous of doing—my mother conveniently developed a severe attack of tonsilitis.

We came to my grandfather's house where another crowd awaited us.

As I entered the house the first thing I noticed was that the rooms were newly decorated. Then I saw my mother and her father dancing together to the tune of a long kiss.

A minute later I beheld my grandfather for the first time. I was surprised at the feeling of reverence I experienced. My grandfather is tall, has a long carefully-combed grey beard, clear skin, bright blue eyes. He personified my conception of a Chassid.

For me my grandparents were at last flesh and blood persons. They ceased to be the photographic cardboard symbols I had known at home. They were no longer imaginary; they were real! But the realization of this was difficult. All the time I was with them I tried to grasp the significance of it. Not until we parted did I appreciate that significance.

For the next few days we were on display at grandfather's house. Everyone in town came to stare at us. [illegible] where toothbrushes and [illegible] are unknown. Some of the elderly women were quite repulsive. My sister and I were having breakfast one morning when one such woman entered the room. Immediately we discovered that our appetites had fled. Not until suppertime did they return.

Two days after our arrival we experienced a strong desire for a hot bath. We had not yet rid ourselves of Dzisna dust. As my grandparents' house did not have the facilities for satisfying our desire arrangements were made with the keeper of the bathhouse to accommodate us.

My mother, sister, and I set forth and after plodding our way through the unpaved streets where the sand reached over our ankles we arrived at the scene of our next adventure—the bathhouse. It was a one story building on the roof of which lay the bricks that fell from the crumbling chimney. To get to the door we had to slide down a steep muddy grade.

We entered a low-ceilinged room lined with wooden lockers that did not lock. This was the disrobing chamber.

## Everything About the Place Struck Her As Peculiar — Answering a Million Questions About America—"Is the Milky Way Visible in the United States?"

Without knowing it I should have been a deaf mute there. I was amused to see how the Dzisners resented having us speak English among ourselves.

"Ah," they would say; "now they are buying us and selling us!"

We were continually answering questions during the entire six weeks we spent in Dzisna. Some people would ask if we knew their cousins in Texas (we live in New Jersey). Others desired to know why American gentlemen did not kiss the lady's hand when greeting or taking leave of her. One girl, with whom I was walking one night, asked if the Milky Way, which was extraordinarily magnificent that night, was also observed in the United States.

"Impossible! With our strictly enforced immigration laws the Milky Way would never be permitted to enter our country."

And I am half afraid she took me seriously.

After a couple of weeks in Dzisna I became restless. I could not accustom myself to the mode of living prevalent there. There was no plumbing. The windows were unscreened and unshaded, clouds of flies polluted the food we ate. Each house had one electric bulb; but the electric power was discontinued for the summer. Smelly kerosene lamps and flickering candles provided our illumination.

Most of the streets were unpaved. When I walked through them I found myself sinking in the sand. The other streets were paved with round cobble stones which had a queer way of causing me to sprain my ankle. The sand fleas made me so uncomfortable [illegible] was decayed. When [illegible] end the other end promptly stood up and embraced my legs.

The event of the week was the gathering of the town's notables at my grandfather's home after synagogue services each Saturday morning. The family and friends gathered around two tables—one in the dining-room for the menfolk, the other in the living-room for the women. Cake, nuts, candy, preserves, 'lekach', liquor—and herring and bread—were served. The old Chassidim, with their long grey beards, dark caps, long overcoats would lean dark caps and long overcoats would lean back in their chairs and half-closing their eyes would start singing in a low voice. The song had no words—it softly, rhythmically until the climax was reached. Then the voices swelled into a fervent prayer vibrant with hope and faith. A prayer not for bodies but for souls. My grandfather once told me:

"When I sing that song the doors of Heaven open before me and I see the angels, the glory—and God."

A pause followed the song. Then one

